בנימין עליס


# סעפּערירטע

פּיעסע אין דריי אַקטן


ניו־יאָרק — 1978

פ ע ר ז אָ נ ע ן:

דאַוויד

מאַטיס

ריטאַ

לענאַ

אַרטור

פינטשיק

זימבאַל

הענרי

פעפי

# ערשטער אַקט

אַ צימער מיט אַ קאָרידאָר אין ריטאַס אַפּאַרטמענט. ס׳איז אַ זומער פרימאָרגן. ריטאַ מיט לענאַ זיצן אויף קיילעכיקע געזעסן וואָס זענען געמאַכט פון ווייכן מאַטעריאַל. פּעפּי זיצט ביים טיש אויף וועלכן ס׳איז אָנגעשטעלט פלעשער סאָדאַ מיט גלעזער.

**פּעפּי:** זעקס קעשירס שטייען אין סופּערמאַרק, פּאַקט ער זיך נאָר צו מיר דער דזשענטלמען. נאָר צו מיר, פּאַקט ער זיך. ווען דער פּרייז אויף קעז שפּרינגט אַרויף, מאַכט דער דזשענטלמען קאָמפּלעינס. אַנדערע קאַסטאָמער מאַכן אויך קאָמפּלעינס צו מיר. וואָס האָט מען צו מיר? ס׳איז מיין סופּערמאַרקעט?

**ריטאַ:** פאַרגעס אַלע קאָמפּלעינס פּעפּי.

**פּעפּי:** וואָס האָט מען צו אונז קעשירס? מיר מאַכן די פּרייזן? ס׳איז אונזער סופּערמאַרק?

**ריטאַ:** יע פּעפּי.

**פּעפּי:** באַלד זעקס מאָנאַט איך שטיי אין דעם סופּערמאַרק. ווי לאַנג איז דו אַרבעטסט?

**ריטאַ:** זייער לאַנג. זייער לאַנג.

**פּעפּי:** שטייסט זייער לאַנג אין דעם סופּערמאַרק? און ווי לאַנג שטייסט דו סעפּערעט?

**ריטאַ:** גאַנץ לאַנג.

**פּעפּי:** שטייסט לאַנג סעפּערעט? און האָסט זיך איינגעלעבט?

**ריטאַ:** (שווייגט)

**פּעפּי:** האָסט זיך איינגעלעבט? איך נישט. איך האָב מיך נישט איינגעלעבט.

ריטאַ: וועסט זעך איינלעבן, פּעפּי. מיט דער צייט לעבט מען זעך איין.

פּעפּי: דו ריטאַ האָסט זיך איינגעלעבט ביקאָז דו האָסט אַ פיינעם באָי. דעיוויד איז אַ פיינער באָי.

ריטאַ: יע פּעפּי.

פּעפּי: מיין באָי וואַקסט אַ טעראָריסט. און ביקאָז דעם טעראָריסט גיי איך נישט היינט אין סופּערמאַרק. איך פיל נישט גוט היינט. גוט דעי ריטאַ. גוט דעי! (גייט אַרויס)

ריטאַ: יעדער מיינט דאַוויד איז אַ פיינער באָי. צו מיר איז ער נישט אַזוי פיין.

לענאַ: טראַכסט שלעכט ריטאַ. נאָר שלעכטס דאַכט זיך דיר.

ריטאַ: מיר דאַכט זעך דער פיינער באָי וועט אַוועק פון מיר. נאָך איידער ער ענדיגט קאָלעדזש וועט ער אַוועק. כ׳האָב אפילו נישט געהערט ווען ער איז געקומען די נאַכט.

לענאַ: (שווייגט)

ריטאַ: ביז צוויי אזייגער בין איך געזעסן און געוואַרט. ביז צוויי אַזייגער אין דער נאַכט. וואָס שלעפּט זעך אַ באָי שפּעט אין דער נאַכט?

לענאַ: דאַוויד איז באַלד צוויי און צוואַנציג יאָר. אַזאַ באָי איז דאַכט זיך זעלבשטענדיק. אַזוי דאַכט זיך מיר.

ריטאַ: אַזוי דאַכט זעך דיר?

לענאַ: צו צוויי און צוואַנציג איז אַ באָי זעלבשטענדיק. צו אַכצן ביסטו שוין געווען אַ מאַמע.

ריטאַ: אַ מאַמע, אַ מאַמע. דאָס ווערן אַ מאַמע, איז געווען מיין גרעסטער טעות. ווען נישט דער טעות. ווען נישט דער טעות.

לענאַ: טראַכסט אַלץ שלעכט, ריטאַ. נאָר שלעכטס דאַכט זיך דיר.

ריטאַ: די נאַכט האָב איך אָנגעהויבן קלערן וועגן אַן אַנדער אַפּאַרטמענט. אויב דאַוויד וועט אַוועק פון מיר, קען איך לעבן אין אַ קליינעם אַפּאַרטמענט.

לענאַ: (שווייגט)

ריטאַ: אין אַ קליינעם אַפּאַרטמענט וועל איך נישט האָבן אַ באָרדער

מיט שמאַטעס. מיסטער זימבאַל האָט אָנגעשלעפּט קאַרטאָנס מיט שמאַטעס און ער לאָזט ברענען דעם גאַז אין דער קיך. ער קען מיר מאַכן אַ פייער.

(זימבאַל קומט אַריין. ער איז קרוב צו זיבעציק, נאָר זעט אויס יונגער. ער שטעלט טריט ווי איינער וואָס עקזאַמינירט זיך אין טאַנצן)

זימבאַל: איז ריטאַ נאָך אין דער היים?

ריטאַ: אין דער היים, אין דער היים. (צו לענאַ) שטענדיק פרעגט ער צי כ'בין נאָך אין דער היים?

זימבאַל: מיר האָט זיך געדאַכט ריטאַ איז שוין אַוועק אין סופּער־מאַרקעט. פאַרוואָס האָט זיך מיר געדאַכט? (ווייזט אַ פּאַפּירל) דאָס זענען טעלעפאָן נאָמבערס.

ריטאַ: נאָך טעלעפאָן נאָמבערס? וואָס איז מיט יענע טעלעפאָן נאָמבערס?

זימבאַל: יענע זענען געענדיקט. נישטאָ מער יענע מענטשן פון יענע נאָמבערס. פּאַסירט עפּעס צו מיר, זענען דאָס אַנדערע טעלעפאָן נאָמבערס. (זעצט זיך צום טיש און קוקט אין אַ נאָטיץ־ביכל) כ'האָב נאָך אַן עקסטראַ נאָמבער.

ריטאַ: ווי האַלט עס מיט דעם צימער?

זימבאַל: קוים פּאַסירט עפּעס צו מיר, האָב איך נאָך אַן עקסטראַ טעלעפאָן נאָמבער פון מיין קרוב אין קאַלאַ־מוזו.

ריטאַ: ווי האַלט מיט דעם צימער? מיסטער זימבאַל האָט געדאַרפט גיין זען אַ צימער?

זימבאַל: מיין קרוב איז אפשר אַוועק פון קאַלאַ־מוזו? אפשר איז ער אַוועק?

ריטאַ: (צו לענאַ) וואָס איך פרעג הערט ער גאָרנישט.

זימבאַל: איך האָב געהערט. איך האָב געהערט. (שטייט אויף און לייגט דאָס נאָטיץ־ביכעלע אין קעשענע) דו זאָגסט איך דאַרף גיין זען

אַ צימער און איך זאָג איך האָב אַ פיין צימער. איך האָב אויך אַ פיינע לענד לעידי.

ריטאַ: אַ פיינע לענד לעידי? אין ניו יאָרק זענען פאַראַן פּלעני רומס מיט פּלעני פיינע לענד לעידיס. בעסערע פון מיר.

זימבאַל: בעסערע לענד לעידיס אינטערעסירן מיך נישט. מיר קען יעדן טאָג עפּעס פּאַסירן, דאַרף איך נאָך אַרומגיין זוכן רומס מיט בעסערע לענד לעידיס? וואָס דאַרף איך דאָס פּראָבלעם?

(ריטאַ מיט לענאַ לאַכן)

זימבאַל: וואָס דאַרף איך דאָס פּראָבלעם?

ריטאַ: שרעקט זיך נישט מיט דעם פּראָבלעם. מענטשן האָבן אַ פּראָבלעם זענען זיי אָקעי. מאַכן זיי נאָך פּראָפּיט.

זימבאַל: וואָס רעדט דאָס ווייבל?

ריטאַ: יע יע. מיט פּראָבלעמס מאַכט מען פּראָפּיט. דערפאַר שלעפּט מען נאָך פּראָבלעמס פון אונטער דער ערד.

זימבאַל: וואָס רעדט דאָס ווייבל? ווער מאַכט פּראָפּיט פון שלעפּן פּראָבלעמס?

ריטאַ: מענטשן מאַכן פּראָפּיט. מענטשן מאַכן פּלעני פּראָפּיט.

זימבאַל: דאָס ווייבל רעדט היינט ווי אַ פּראָקוראָר. דאָס ווייבל איז היינט אויפגעשטאַנען אויף — יענער זייט.

ריטאַ: יע יע, מיסטער. יעדן טאָג קען עפּעס פּאַסירן צו אייער לעבן, נאָר ווען מען דאַרפט צאָלן רענט, האָט מען צייט. פאַר דעם מאָנאַט האָט מען נאָך נישט ערלעדיקט.

זימבאַל: רענט פאַר דעם מאָנאַט האָב עך נישט ערלעדיקט? (קוקט אין נאָטיץ־ביכל) אָקעי, רענט איז רענט. עס וועט ווערן ערלעדיקט. נאָך לאָנטש ברענג איך געלט פון דער באַנק. נאָך לאַנטש וועל איך צאָלן פאַר דעם מאָנאַט און פאַר דעם עקסטראַ טעלעפאָן צו מיין קרוב אין קאַלאַ־מוזו. וואָס נאָך? וואָס נאָך דאַרף איך היינט צאָלן? (קוקט אין נאָטיץ־ביכל) וואָס נאָך האָב איך געהאַט אינזינען? (נאָך אַ פּויזע)

פאַרגעס דעם עקסטראַ טעלעפאָן. דעם עקסטראַ טעלעפאָן.

ריטאַ: (שווייגט)

זימבאַל: פּאַסירט עפּעס צו מיר, וועט שוין עמיצער מאַכן דעם עקסטראַ טעלעפאָן. עמיצער וועט שוין ערלעדיקן. עמיצער וועט שוין אַלץ ערלעדיקן. (גייט אַרויס מיט טריט ווי ער וואָלט זיך עקזאַמינירט אין טאַנצן)

ריטאַ: כ׳האָב דיר געזאָגט, לענאַ. וואָס דאַרף איך דעם אַפּאַרטמענט מיט דעם מיסטער? דער מיסטער גייט אויף מיינע נערוון. שטענדיק לאָזט ער ברענען דעם גאַז אין דער קיך. ער קען מיר מאַכן אַ שרפה.

(פּינטשיק קומט אַריין. ער זעט אויס זעכציק יאָר אַלט. ער טראָגט צוויי געשטאָפּטע בייטלען מיט אַ שטעקן און ווען ער רעדט שפּיזט ער אויס דעם שטעקן ווי אַנווייזנדיק אויף עמיצן)

ריטאַ: מיסטער פּינטשיק? דאָס זענט איר?

פּינטשיק: יע יע. איך

ריטאַ: (צו לענאַ) מיסטער פּינטשיק האָט ליב צו שרייען. שרייט ער נישט, מאַכט ער שרייען דעם טעלעוויזשן. כמעט יעדע נאַכט הערט מען דאָס געשריי פון פּינטשיקס טעלעוויזשן.

פּינטשיק: יע יע. דו הערסט מיין טעלעוויזשן און איך הער יעדע נאַכט טעלעוויזשן פון שכן איבער מיר. (מיטן שטעקן צו סופיט) דאַרפסט דאָס מעלדן דער פּאָליס. שכנים שרייען באַנאַכט דאַרף מען זיי אַרעסטן.

ריטאַ: אַרעסטן? (לאַכט) אויב אַרעסטן, דאַרף מען אַרעסטן שכנים פון יעדן הויז.

פּינטשיק: אָל ראַיט אָל ראַיט. איך שריי. מיין טעלעוויזשן שרייט. מען דאַרף מיך אַרעסטן. (שטעלט אַוועק די בייטלען, ווישט דעם שטע־ן, דערנאָך נעמט ער ווישן די ברילן) אָל ראַיט. מיך דאַרף מען אַרעסטן. ביז מען יאַרעסטעט מיך מעג איך נעמען אַ טרינק? (נעמט פון טיש אַ פלאַש סאָדאַ) דאָס איז פון דיין סופּערמאַרק?

ריטאַ: פון מיין סופּערמאַרק.

לענאַ: היינט אַ הייסער טאָג?

פינטשיק: יע לעידי. נעכטן איז געווען אַ היץ און היינט מאַכט זיך נאָך הייסער. היינט מאַכט זיך יענע שטאַרקע היץ. נאָר אַלץ בעסער פון שניי. שניי איז דאָס ערגסטע.

לענאַ: היינט איז מאָנאַט אויגוסט. ווער רעדט היינט וועגן שניי?

פינטשיק: בעסער אַ היץ, איידער שניי. (נעמט טרינקען) שניי איז דאָס ערגסטע.

לענאַ: איר מיסטער רעדט זייער בייז וועגן שניי. מענטשן האָבן ליב שניי.

פינטשיק: שניי איז דאָס ערגסטע. אין שניי פאַלן מענטשן פון האַרץ אַטאַקס. מיין אייגענער פאָטער איז געפאַלן אין שניי פון צוויי האַרץ אַטאַקס. דערציילט זי מיר מענטשן האָבן ליב שניי.

(ער נעמט נאָך אַ טרינק)

פינטשיק: נאָר עס דאַרשט מיך. זינט כ'בין געבוירן געוואָרן — דאַרשט מיך. (נאָך אַ פויזע) טראָבל אויף אונזער קאָרנער. לולוס גראָסערי איז קאָמפּלעט געשלאָסן. מיסטער לולו איז אַרויס פון ביזנעס.

לענאַ: צוליב האָלד אָפּס?

פינטשיק: יע יע.

לענאַ: צוליב האָלד אפּס פאַרמאַכט מען ביזנעס.

ריטאַ: נאָ נאָ, לענאַ, לולו האָט נישט פאַרמאַכט צוליב האָלד אפּס. לולו האָט געמוזט שליסן די גראָסערי.

פינטשיק: פאַרוואָס האָט ער דאָס געמוזט?

ריטאַ: פאַרוואָס? ווייל יעדער לויפט אין סופּערמאַרקעט.

פינטשיק: יע יע, לעידיס. ביקאָז יעדער לויפט אין סופּערמאַרקעט, און ביקאָז האָלד אפּס, איז טראָבל אויף אונזער קאָרנער. צוואַנציג יאָר האָבן מיר געהאַט אַ קאָרנער מיט ליכט. אַ קאָרנער מיט לולוס ביזנעס. יעצט איז אונזער קאָרנער געענדיקט. אונזער קאָרנער איז פינישד. אונזער קאָרנער. אונזער קאָרנער.

לענאַ: זאָרגט נישט מיסטער. וואָס זאָרגט איר? עס וועט נאָך קומען אַן אַנדער לולו און ס'וועט ווידער ווערן ביזנעס אויף דעם קאָרנער. זאָרגט נישט וועגן דעם קאָרנער.

פּינטשיק: נאָ נאָ, לעידי! אונזער קאָרנער איז פינישד. אונזער קאָרנער איז — געענדיקט!

ריטאַ: דאָס איז דער פּראָגרעס. דער מאָדערן פּראָגרעסאָ!

פּינטשיק: דער מאָדערן פּראָגרעסאָ איז פאַר זיי, פאַר די סופּער־מאַרקעטס. פאַר אונז קאָסטאָמער איז פּראָגרעסאָ אַ רעגעלע געפאַר. יע יע לעידיס. ס'וועט גאָרנישט לאַנג דויערן, וועט מען אין סופּערמאַרק צאָלן אַ דאָלאַר פאַר אַ ביסל שלעכט זויער קרויט. דער פּרייז אויף זויער קרויט גאַלאָפּירט באַרג אַרויף כסדר באַרג אַרויף.

ריטאַ: וועמען אינטערעסירט זויער קרויט? וועמען איז וויכטיק דער פּרייז אויף זויער קרויט?

פּינטשיק: אַזוי גאָר? זויער קרויט איז גאָרנישט וויכטיק? אפילו ווייבער פון קאָנגרעס־לייט קויפן זויער קרויט. ס'איז אַ מעדיצין צו האַרץ קראַנקהייט.

ריטאַ: זייער פיין מיסטער פּינטשיק. אויב ס'איז אַ מעדיצין, וועט מען צאָלן פאַר זויער קרויט וואָס מען צאָלט פאַר מעדיצין. קאָסטאָמער וועלן פאַר אַלעם צאָלן. קאָסטאָמער האָבן געוואָלט סופּערמאַרקעטס, וועלן זיי צאָלן פאַר אַלעם. פאַר אַלעם!

פּינטשיק: גאַלאָפּיר נישט אַזוי! זעט נאָר ווי די לעידי גאַלאָפּירט! (נעמענדיק נאָך אַ טרינק) אויב ס'וועט אַזוי אַ גיין, אויב דער פּרייז אויף אַלעם וועט כסדר גיין באַרג אַרויף, וועלן מיר קאָסטאָמער נעמען און מיר וועלן אָרגאַניזירן דעם גרעסטן פּראָטעסט! יע יע, לעידיס! מיר קאָסטאָמער האָבן אַלע רעכט. מיר האָבן רעכט צו אָרגאַניזירן אַ קאָמיטעט. מיר האָבן רעכט צו שיקן דעלעגעטס. אַ גאַנצן טראָק מיט דעלעגעטס קענען מיר שיקן. מיר קענען אפילו שיקן דעלעגעטס מיט צוויי טראָקס!

לענאַ: צו וועמען וועט איר זיי שיקן?

פּינטשיק: דאָס וועט באַשליסן דער קאָמיטעט. דער קאָמיטעט פון

קאָסטאָמער. (פּויזע) דער קאָמיטעט קען אפילו שטעלן פּיקעטס, פּיקעטס ביי יעדן סופּערמאַרקעט. יע יע לעידיס, איך־האָב פּלענ׳ געפּיקעט... און אויב ס׳וועט האַלטן ביי פּיקעטן סופּערמאַרקעטס, וועל איך דער ערשטער גיין פּיקעטן דיין סופּערמאַרקעט. (צו ריטאַ) ווי דו שטייסט אַלס קעשיר.

ריטאַ: (לאַכט)

פּינטשיק: יעס יעס, ריטאַ, אויף דיין סופּערמאַרק האָב איך אַ בייז האַרץ. אַ ספּעשל האַרץ האָב איך אויף דעם מענעדזשער פון סופּערמאַרקעט.

(דער טעלעפאָן קלינגט. פּינטשיק נעמט די בייטלען און גייט אַרויס)

ריטאַ: (ביים טעלעפאָן) העלאָ, העלאָ, דעיוויד שלאָפט נאָך. ער שלאָפט נאָך. יעס העני. איך וועל נישט פאַרגעסן. (גייט אין דאַוויד׳ס צימער און קומט צוריק איבערגעשראָקן) ער איז נישטאָ. ער איז נישטאָ. (צו לענאַ) ווי געפעלט דיר די געשיכטע? כ׳בין געווען זיכער ער שלאָפט נאָך. איז גאָר אַזוי. איז ער גאָרנישט געקומען שלאָפן. (פּויזע) דאָס לענאַ פּאַסירט מיר צום ערשטן מאָל. ביז היינט האָט אַזוינס נישט פּאַסירט.

לענאַ: (שווייגט)

ריטאַ: דאָס האָט נאָך קיינמאָל נישט פּאַסירט. (קוקט ווידער אין דאַווידס צימער) ער איז נישטאָ. ער איז גאָרנישט געקומען שלאָפן. וואָס זאָגסטו לענאַ? (לענאַ שווייגט) ביז צוויי אַזייגער האָב איך געוואַרט. ביז צוויי אַזייגער באַנאַכט. דאָס איז שרעקלעך. שרעקלעך.

לענאַ: ס׳איז גאָרנישט שרעקלעך. וואָס איז דאָס אַזוי שרעקלעך? פאַר אַ באָי ווי דאַוויד איז גאַנץ נאָרמאַל נישט אַהיימצוקומען אַ נאַכט.

ריטאַ: מיט וואָס נאָרמאַל? מיט וואָס איז דאָס אַזוי נאָרמאַל?

לענאַ: דאַוויד איז צוויי און צוואַנציק יאָר. צו צוויי און צוואַנציק איז אַ באָי זעלבשטענדיק.

ריטאַ: זעלבשטענדיק? מיט וואָס זעלבשטענדיק? מיט שלעפּן געלט פון מיין שווערער אַרבעט? דער געלט שלעפּער איז זעלב־שטענדיק?

לענאַ: פאַר אַ באַי ווי דאַוויד איז גאַנץ נאָרמאַל דאָס נישט אַהיימ־קומען אַ נאַכט.

ריטאַ: אַך אַך!

לענאַ: יאָ יאָ ריטאַ. דיין רעדן איז אַלט מאָדיש. לייג אַוועק דאָס אַלט מאָדיש רעדן וועגן דער נאַכט. אפשר איז ער די נאַכט געשלאָפן ביים פאָטער?

ריטאַ: וואָלט ער טעלעפאָנירט. ווען ער שלאָפט דאָרט, טעלע־פאָנירט ער מיר. ער האָט מיר גאָרנישט טעלעפאָנירט. נישט אַהיימ־קומען? נישט טעלעפאָנירן?

לענאַ: (נאָך אַ פּויזע) צייט צו גיין. איך דאַרף גיין. איך דאַרף מיר היינט פאַרשידנס ערלעדיקן. מאָרגן איז מיין וואַקאַציע געענדיקט. מאָרגן מוז איך ווידער פאָרן צו מיין אַרבעט אין האָספּיטאַל. (נעמט אַ האַנט־טאַש פון דער סאָפאַ) ריטאַ, איך מוז דיר זאָגן איך באַוווּנדער דיין ענערגיע. שטענדיק באַוווּנדער איך דיין ענערגיע מיט דיינע שיינע לעבעדיקע האָר. אויף אַזעלכע האָר זענען פרויען אייפערזיכטיק.

ריטאַ: וועלכע פרויען זענען אייפערזיכטיק אויף מיינע האָר?

לענאַ: יעס יעס ריטאַ. איך אַליין בין אַביסל אייפערזיכטיק.

ריטאַ: אַך אַך!

לענאַ: נישט אַך אַך. נאָר האָב אינזינען דיינע האָר. מעגסט זיי קעמען שענער. ביים גיין אויף אַ נייעם דזשאָב, איז וויכטיק אַ שיינע פריזור. קלערסט דאָך וועגן אַ נייעם דזשאָב?

ריטאַ: נאָר וועגן אַ דזשאָב קלער איך? איך קלער וועגן נאָך אַנדערע זאַכן. איך בלייב אָבער ביים קלערן. שטענדיק בלייב איך ביים קלערן.

(עס הערט זיך מוזיק. דאַוויד קומט אַריין מיט רעש. ער האָלט אַ ראַדיאָ מיט אַ סוועטער)

דאַוויד: העלאָ! העלאָ!

לענאַ: העלאָ דאַוויד!

דאַוויד: טאַנטע לען! (נעמט זי אַרום) אַלעס אָל ראַיט? צוריק פון וואַקעישן?

לענאַ: צוריק פון וואַקעישן.

דאַוויד: זעסט אויס — פיין. זייער פיין. זעסט אויס אָקעי. (קלאַפּט מיט אַ פויסט אויף דער פּאַדלאָגע) יעס יעס טאַנטע. זעסט אויס שטאַרק!

לענאַ: (לאַכט) מעגסט שוין ווערן דאָקטאָר. מעגסט נעמען אַ דזשאַב ביי אונז אין האָספּיטאַל.

דאַוויד: (קוקט זיך אַרום) כ׳האָב געהאַט סיגאַרעטס. אַ גאַנץ באַקסל סיגאַרעטס.

ריטאַ: ווידער אַ באַקסל ציגאַרעטס? ווער רייכערט דיינע ציגאַרעטס?

דאַוויד: כ׳האָב געהאַט סיגאַרעטס. (דערזעט די סיגאַרעטס) האָט ווער טעלעפאָנירט צו מיר? (פאַרייכערט אַ סיגאַרעט) האָט ווער טעלעפאָנירט?

ריטאַ: ווער עס האָט טעלעפאָנירט, וועט ווידער טעלעפאָנירן. אָל ראַיט?

דאַוויד: אָל ראַיט, אָל ראַיט! אַזוי הערט מען אַ וואָרט! (צו לענאַ) ווען איז טאַנטע געקומען? כ׳האָב געדענקט בלייבסט אין מעקסיקע נאָך אַ מאָנאַט.

לענאַ: כ׳האָב פאַר דיר צוויי שיינע פּרעזענטער פון מעקסיקע. די פּרעזענטער וועלן דיר געפעלן, דאַוויד. וועסט זיי ליב האָבן.

דאַוויד: זיכער זיכער. איך האָב ליב טאַנטעס פּרעזענטער. דו קויפסט מיר שטענדיק וואָס איך האָב ליב.

לענאַ: דאָס דאַוויד איז זייער ריכטיק. איך קויף נאָר וואָס דיר געפעלט. וואָס דו האָסט ליב. קלערסט וועסט מיר אַמאָל אויך קויפן אַ פּרעזענט?

דאַוויד: נישט איינמאָל, נאָר אַ סך מאָל. יעס יעס. טאַנטע דאַרפט גאָרנישט פּרעגן אַזעלכעס. איך וועל פאַרדינען געלט, וועל איך קויפן.

אָבער ביז איך וועל פאַרדינען געלט, איך מיין גענוג געלט, מוז טאַנטע נאָך וואַרטן אַביסעלע. נאָך איין האַלב יאָר טאַנטע. נאָך איין האַלב יאָר.

לענאַ: נאָך איין האַלב יאָר? (לאַכט) יאָג זיך נישט דעיוויד. יאָג זיך נישט מיט קויפן פּרעזענטער פאַר מיר. דיין טאַנטע האָט פּלעני צייט. זי קען וואַרטן איין האַלב יאָר מיט נאָך אַ יאָר. אפילו נאָך לענגער. יאָג זיך נישט.

דאַוויד: נאָ נאָ טאַנטע. איך האָב געזאָגט איין האַלב יאָר, איז איין האַלב יאָר. טאַנטע מעג מיר גלייבן. (מיט אַ בליק צו דער מוטער וועלכע אָבסערווירט אים) טאַנטע מעג מיר גלייבן. נאָך איין האַלב יאָר, פיניש איך מיט קאַלעדזש. איך וועל האָבן אַ דזשאָב מיט מיין אייגן געלט. מיט מיין אייגן געלט, וועל איך ווערן אַ מענטש.

לענאַ: וועסט ווערן אַ מענטש? אַזוי ביסטו נישט קאַ מענטש?

דאַוויד: איך מיין אַ פרייער מענטש! מיט מיין אייגן געלט, וועל איך ווערן אַ פרייער מענטש!

לענאַ: מיט אייגן געלט אַ פרייער מענטש? און אַזוי? אָן אייגן געלט, ביסטו נישט פריי?

דאַוויד: איך מיין קאָמפּלעט פריי! קאָמפּלעט פריי!

לענאַ: קאָמפּלעט פריי? ניין דאַוויד. אַזעלכעס איז גאָרנישט פאַראַן. קאָמפּלעט פריי, עקזיסטירט גאָרנישט. ווער איז קאָמפּלעט פריי?

דאַוויד: (לאַכט)

ריטאַ: אַ פרייער מענטש! אַ קאָמפּלעט פרייער מענטש! ביז מען ווערט אַזוי קאָמפּלעט פריי, מעג מען זאָגן ווי איז מען די נאַכט געשלאָפן? אין וועלכן העק? און פאַרוואָס האָט מען נישט טעלעפאָנירט? פאַרוואָס האָט מען נישט טעלעפאָנירט?

דאַוויד: (שווייגט)

ריטאַ: פאַרוואָס האָט מען נישט טעלעפאָנירט?

דאַוויד: מען האָט יאָ טעלעפאָנירט. איך האָב יאָ טעלעפאָנירט.

ריטאַ: מען האָט נישט! מען האָט נישט!

דאַוויד: ענטפערסט נישט דעם טעלעפאָן. איך האָב יאָ טעלעפאָנירט. (צו לענאַ) זי ענטפערט נישט דעם טעלעפאָן.

לענאַ: איך מוז גיין. גוד דעי ריטאַ. גוד דעי דעיוויד. (קושט אים, זאָגט אים עפּעס אויפ׳ן אויער און גייט אַרויס).

ריטאַ: אין וועלכן העק איז מען געווען די גאַנצע נאַכט? פונוואַנען האָט מען אַזעלכע אויגן? אַזעלכע נישט אויסגעשלאָפענע ווילדע אויגן? פון וואָס אַזעלכע אויגן?

דאַוויד: אָקעי מיט די אויגן! אָקעי אָקעי!

(ער נעמט טרינקען פון אַ פלאַש)

ריטאַ: זאָג מיר נישט אָקעי, נאָר ענטפער. ענטפער מיר וואָס איך פרעג. (פויזע) אויב קלערסט צו מאַכן מיר אַזעלכע נעכט, אויב קלערסט וועגן קאָמפּלעטע פרייהייט, איז דאָס בעסטע זאָלסט — גיין! קאָמפּלעט אַוועקגיין! יעס יעס. כ׳מיין דאָס הונדערט פּראָצענט. (פויזע) ווילסט קאָמפּלעטע פרייהייט? נעם דיר פרייהייט! צי וואָס וואַרטן נאָך אַ האַלב יאָר? מאַך עס היינט. שוין היינט נעם און גיי מיט דיין קאָמפּלעטער פרייהייט!

דאַוויד: אָקעי אָקעי. ווילסט איך זאָל גיין, וועל איך גיין.

ריטאַ: איך וויל! איך וויל! סיי ווי האָב איך נישט מיט וועמען אויסצורעדן אַ וואָרט. פאַרשטייסט יונגער מענטש?

דאַוויד: דער יונגער מענטש פאַרשטייט. דער יונגער מענטש פאַרשטייט. דער יונגער מענטש איז אָבער גענוג אַלט נישט אַהיימצו־קומען אַ נאַכט.

ריטאַ: אָל ראַיט יונגער מענטש. מאַך זיך פריי. מאַך זיך פריי. האָסט פון וועמען צו לערנען.

דאַוויד: נישט אַהיימקומען אַ נאַכט דאַרף מען לערנען? פון וועמען דאַרפט מען דאָס לערנען?

ריטאַ: שלעפּסט אַלץ פון דעם עגאָאיסט. שלעפּסט דעם טאַטנס עגאָאיזם. דעם טאַטנס עגאָאיסטישן כאַראַקטער.

דאַוויד: אַהאַ, אַהאַ! איך שלעפּ עגאָאיזם? עגאָאיזם פון מיין טאַטע? עגאָאיסטיש כאַראַקטער שלעפּ איך?

ריטאַ: יעס, יעס!

דאַוויד: מאַ בעסער נישט רעדן. אויב מאַ זאָגט מיר קריטיק, האָב איך מער קריטיק. פּלענטי קריטיק האָב איך.

ריטאַ: אַזוי? האָסט פּלענטי קריטיק אויף מיר? רעד רעד, יונגער מענטש! (וויל אים פּאַטשן) האָסט אויף מיר קריטיק? וועלכע קריטיק?

דאַוויד: (שווייגט)

ריטאַ: וועלכע קריטיק? וועלכע קריטיק?

דאַוויד: זאָגסט מיר, איך שלעפּ עגאָאיזם? איך שלעפּ עגאָאיזם פון מיין טאַטע? (פּויזע) וואָס איך שלעפּ, איז אַלעס פון דיר. יע יע, לעידי. אַלעס פון דיר!

ריטאַ: (לאַכט)

דאַוויד: אַלעס פון דיר. אַלעס שלעפּ איך פון מיין מאַמע. מיין טאַטע זע איך איינמאָל אין וואָך. איינמאָל אין צוויי וואָכן. אַלעס איז פון דיר. (שטעלט די פלאַש אויפן טיש און זעצט זיך אויף אַ רונד געזעס) אַלעס שלעפּ איך פון מיין מאַמע.

ריטאַ: אָלראיט יונגער מענטש. קענסט פריי רעדן. רעד אויף מיר. אויף מיר האָסטו פּלענטי קריטיק. מיר קומט דאָס, ווייל איך אַרבעט פאַר דיר. ווייל זעקס טעג אין דער וואָך שטיי איך אין סופּערמאַרקעט. אַנדערע פּרוּוען אַרבעטן פיר טעג, דריי טעג, אַנדערע מאַכן פּאַרט־טאַים. איך אַרבעט זעקס טעג. זעקס טעג. מיינע פיס ווערן קראַנק פון שטיין אין דעם פאַרשאָלטענעם סופּערמאַרקעט! צוליב וועמען בין איך אַזאַ אידיאָט? צוליב וועמען? פאַר וועמען?

דאַוויד: (שווייגט)

ריטאַ: פאַר וועמען? צוליב וועמען בין איך אַזאַ אידיאָט?

דאַוויד: פאַר בינגאָ! אַלעס פאַר — בינגאָ! אַלעס פאַר — בינגאָ!

ריטאַ: רעד, רעד. קריטיקיר. מיר קומט דאָס. מיר קומט טראָבל מיט קריטיק. טראָבל מיט קריטיק.

דאַוויד: אַלע מאַמעס האָבן טראָבל מיט קריטיק.

ריטאַ: אַלע מאַמעס?

דאַוויד: יע יע, לעידי. די מאַמעס פון מיינע קאָלעגן האָבן אויך

פלענטי טראָבל מיט פלענטי קריטיק. יעדע מאַמע מוז האָבן טראָבל מיט קריטיק...

ריטאַ: יעדע מאַמע מוז האָבן קריטיק מיט טראָבל? דו האָסט דעם רעפּאָרט פון יעדער מאַמע? און וועגן טאַטעס? וואָס איז וועגן די טאַטעס?

דאַוויד: זאָרג נישט אַזוי פאַר די טאַטעס. זיי האָבן אויך קריטיק מיט טראָבל.

ריטאַ: די מערהייט טאַטעס זענען פיינע פאַמיליע מענער. די מערהייט איז נישט עגאָאיסטיש. אַלע עגאָאיסטישע מענער מיט דיין טאַטע טויגן אויף — כּפּרות!

דאַוויד: פּונוואַנען ווייסט מאַ וועגן דער מערהייט מענער? מאַ איז אַזאַ עקספּערט וועגן מענער? מאַ איז גאָרנישט אַזאַ עקספּערט און מיין טאַטע איז גאָרנישט אַזוי עגאָאיסטיש... נישט צו מיר... און קריטיק פון מיר, האָט ער געגנוג. איך זאָג אים געגנוג קריטיק און איך מאַך אים פלענטי טראָבל. יעס יעס. מעגסט גלייבן איך מאַך אים טראָבל. צו דעם, האָט ער נאָך טראָבל אין שאַפּ מיט אַרבעטער. מיט זיין פּאַרטנער. טראָבל מיט סטאַקס... און נאָך מיט נאָך.

ריטאַ: גוט אַזוי. זייער גוט אַזוי. דער עגאָאיסט וועט שטענדיק האָבן טראָבל. ער וועט קיינמאָל נישט אַרויס פון טראָבל!

דאַוויד: אָקעי, אָקעי. נאָר שלעכטס האָט מאַ צו רעדן. נאָר שלעכטס.

ריטאַ: יעס יעס. ער וועט שטענדיק האָבן טראָבל. און ער וועט נאָך האָבן פּלעני מיט ווייבער.

דאַוויד: איך פאַרשטיי נישט איין וואָרט. איין סינגל וואָרט פאַר־שטיי איך נישט.

ריטאַ: פאַרשטייסט גאָרנישט? ווייסט גאָרנישט וועגן דיין טאַטנס ווייבער?

דאַוויד: דאָס איז דער פּראָבלעם! (טוט אויס אַ שוך און שליידערט דעם שוך מיט כעס) דאָס איז דער פּראָבלעם. מיין „טאַטנס ווייבער״. מיין „טאַטנס ווייבער״. צו אַלדע העק מיט זיי. ווען איך טרעף איינע אין טאַטעס אַפּאַרטמענט, באַדערט דאָס מיך. יע. יע. אָבער וואָס מיך באַדערט, וואָס מיך פאַרדריסט, אינטערעסירט נישט מיין מאַמע.

ריטאַ: וואָס רעדט ער? וואָס רעדט ער?

דאַוויד: איך האָב נישט קלאָר גערעדט? אויב נישט, וועל איך נאָך רעדן. (שלײַדערט דעם צווייטן אויסגעטוטענעם שוך) נאָר מיט דער נאַכט איז זי אינטערעסירט. נאָר מיט מײַן שלאָפֿן פֿון דער נאַכט. נאָר דאָס. נאָר דאָס. אָבער וואָס באַדערט אין מיר, דאָס אינטערעסירט דיך נישט. קיינמאָל נישט. און איך וויל עס זאָל דיך יאָ אינטערעסירן. איך האָב אַלע רעכט דאָס צו פֿאָדערן.

ריטאַ: אַלע רעכט צו פֿאָדערן? (לאַכט) דו האָסט אַלע רעכט? דו האָסט אַלע רעכט?

דאַוויד: יע יע לעידי! איך האָב אַלע רעכט!

ריטאַ: אָל ראַיט. אָל ראַיט.

דאַוויד: (נאָך אַ פּויזע) לעצטע נאַכט האָב איך דעצידירט דריי זאַכן.

ריטאַ: דריי זאַכן?

דאַוויד: דריי זאַכן. (ציילט אויף די פֿינגער) וועגן איין זאַך, האָב איך פֿריִער גערעדט. וועגן דער צווייטער זאַך, האָב איך נאָך צייט צו רעדן. דריטע זאַך האָב איך דעצידירט —

ריטאַ: (אָנווײַזנדיק אויף דער פּאַדלאָגע) הייב אויף דײַנע שיך. וויפֿל מאָל האָב איך געזאָגט שיך האָבן זייער אָרט? שטעל אַוועק דײַנע שיך. און וואָס דו האָסט דעצידירט, וויל איך נישט הערן!

דאַוויד: מעגסט הערן. מעגסט הערן. ס'וועט דיך אינטערעסירן. איך האָב דעצידירט נעמען אַ רום אין אַ האָטעל.

ריטאַ: אַ רום אין אַ האָטעל?

דאַוויד: אַזוי האָב איך דעצידירט.

ריטאַ: אַ רום אין אַ האָטעל? זייער פֿײַן. זייער פֿײַן. (גייט נאָכטראַכנדיק) אַ רום אין אַ האָטעל? וואָס נאָך האָסטו דעצידירט די נאַכט?

דאַוויד: (שווײַגט)

ריטאַ: וואָס נאָך האָסטו דעצידירט?

דאַוויד: נאָך מיט נאָך. (פּויזע) אויב דאָראַ וועט זאָגן יעס, וועט אַלעס גיין אָלראַיט. וועט אַלעס גיין פּערפֿעקט.

ריטאַ: דאָראַ וועט זאָגן יעס, וועט אַלעס גיין? אַלעס וועט גיין פּערפעקט?

דאַוויד: יע יע.

ריטאַ: ווער איז דאָראַ?

דאַוויד: ווער איז דאָראַ? האָב איך דיר גאָרנישט דערציילט וועגן דאָראַ?

ריטאַ: ווער איז דאָראַ? ווער איז זי?

דאַוויד: איך האָב דיר נישט דערציילט?

ריטאַ: ווער איז דאָראַ?

דאַוויד: אַ מיידל ווי אַלע מיידלעך. (פּויזע) איז דיר אַלץ קלאָר?

ריטאַ: אַלץ איז קלאָר. אַלעס איז מיר שוין קלאָר. אָבער ווער איז דאָראַ? ווער זענען אירע עלטערן?

דאַוויד: וואָס פרעגסטו וועגן עלטערן? וואָס איז די דיפערענץ? (פּויזע) דאָראַ וועט זאָגן יעס, וועט אַלעס גיין פּערפעקט. וועלן מיר גיין אין האָטעל און מיר וועלן לעבן ווי פרייע מענטשן.

ריטאַ: גיין אין האָטעל און לעבן ווי פרייע מענטשן? און אויב דאָראַ וועט נישט וועלן לעבן ווי פרייע מענטשן?

דאַוויד: דאָס לאָז צו מיר. מעגסט דאָס לאָזן צו מיר. אויב איך האָב דאָס דעצידירט, וועט דאָס גיין אַזוי.

ריטאַ: דו האָסט דעצידירט? דו האָסט באַשלאָסן צו גיין אין האָטעל מיט אַ מיידל? (פּויזע) וואָס וועלן זאָגן דעם מיידלס עלטערן? מיינסט זיי האָבן גאָרנישט צו זאָגן?

דאַוויד: וואָס האָבן זיי צו זאָגן? צו זאָגן האָט דאָראַ!

ריטאַ: דו קלערסט דאָס איז אַזוי פיין? קלערסט דאָס איז אָנשטענדיק? דאָס גיין לעבן פריי איז גאָרנישט אַזוי פּערפעקט ווי דיר דאַכט זיך. ניין ניין, דאַוויד. פיינע מיידלעך גייען נישט לעבן פריי.

דאַוויד: דאָס מאַ איז בילאָני! ווער זאָגט „פיינע מיידלעך גייען נישט?"

ריטאַ: ווער עס זאָגט? אונזער רעליגיע זאָגט. אונזער רעליגיע זאָגט.

דאַוויד: אונזער רעליגיע זאָגט? פון וועמען האָט דאָס מאַ געהערט „אונזער רעליגיע זאָגט?"

ריטאַ: (שווייגט)

דאַוויד: אונזער רעליגיע איז אַלד און דו מאַ רעדסט אַלד.

ריטאַ: אַלראַיט, אַלראַיט. אונזער רעליגיע איז אַלד. מיין רעדן איז אַלד. אָבער וואָס דו קלערסט איז אַלץ שלעכט. קלערסט אַלץ שלעכט.

דאַוויד: איך קלער אַלעס שלעכט? דו קלערסט שלעכט. דו פאַרגעסט איין קלייניקייט. איין קליינע זאַך...

ריטאַ: וועלכע קליינע זאַך? וועלכע זאַך פאַרגעס איך?

דאַוויד: (שווייגט)

ריטאַ: וועלכע זאַך פאַרגעס איך?

דאַוויד: ווייסט גאַרנישט וואָס איך מיין? ווייסט גאַרנישט?

ריטאַ: רעד רעד. דערמאָן מיך, דערמאָן מיך!

דאַוויד: איך דאַרף דערמאָנען? איך דאַרף נאָך דערמאָנען? האָסט פאַרגעסן איך בין אַ באַי פון סעפּערעט — עלטערן? מיין טאַטע לעבט — סעפּערעט. מיין מאַמע — סעפּערעט. דאָס דאַרף איך דערמאָנען? דו האָסט דאָס פאַרגעסן?

ריטאַ: וואָס רעדט ער? וואָס רעדט דער יונגער מענטש? דערפאַר איז מען נישט אהיימגעקומען שלאָפן? צוליב דעם האָט מען זיך אַרומגעשלעפּט אַ גאַנצע נאַכט?

דאַוויד: צוליב דעם. צוליב דעם. (אויפהייבנדיק אַ שוך) ווייזט פאַרוואָס מען איז נישט געקומען שלאָפן? ווייל מען האָט — געאַרבעט! (שליידערט דעם שוך) מען האָט געאַרבעט! די גאַנצע נאַכט האָט מען געאַרבעט!

ריטאַ: געאַרבעט? (נישט גלויבנדיק) אַ גאַנצע נאַכט געאַרבעט?

דאַוויד: יע יע, לעידי.

ריטאַ: דו האָסט געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט?

דאַוויד: געאַרבעט, געאַרבעט, געאַרבעט! און נישט נאָר די נאַכט. זינט וואקעישן האָט אָנגעפאַנגען אַרבעט איך פּאַרט טיים. גלייבסט

מיר נישט? גלייבסט מיר נישט? כ׳זע גלייבסט גאָרנישט. ווערסט מיר באַלד גלייבן. ווערסט באַלד גלייבן. (נעמט אַרויס אַ טשעק) זעסט דאָס? זעסט? דאָס איז פאַר מיין אַרבעט. פאַר אַרומפאָרן מיט אַ טעקסי. יע יע לעידי. (קושט דעם טשעק) דער טשעק איז פאַר מיין אַרבעט. פאַר מיין אייגענער אַרבעט. (פויזע) און ווייסט ווער האָט מיר רעקאָמענדירט דעם דזשאַב? מיינע קאָלעגן האָבן דאָס מיר רעקאָמענדירט. מיינע קאָלעגן זענען אויך טעקסי־באָיס. נישט קיין שלעכטער דזשאַב. דער דזשאַב איז אָקעי און דער טשעק איז אָקעי. (קושט ווידער דעם טשעק) דערווייל גיי איך שלאָפן. איך דאַרף שלאָפן. אין פיר שעה אַרום דאַרף איך אַוועק גיין. ווערסט מיך וועקן מאַ? ווערסט מיך וועקן? (פון זיין קעשענע פאַלט אַרויס קליינגעלט) דאָס זענען טיפּס. טיפּס. (קלייבט דאָס קליינגעלט) אַ דזשאַב מיט טיפּס.

ריטאַ: מיר געפעלט נישט דער דזשאַב.

דאַוויד: (לאַכט)

ריטאַ: מיר געפעלט נישט דער דזשאַב. ווער האָט דיר רעקאָמענ־דירט דעם דזשאַב?

דאַוויד: מיינע קאָלעגן. כ׳האָב דיר געזאָגט — מיינע קאָלעגן.

ריטאַ: דיינע קאָלעגן? דערצייל מיר נישט דיינע קאָלעגן. דאָס איז געווען העניס אידעי.

דאַוויד: העניס אידעי? (נעמט זי אַרום) העני דאַרף מיר געבן אידעי?

ריטאַ: מיר געפעלט נישט דער דזשאַב. באַנאַכט מיט אַ טעקסי? ס׳קען געשען אַן עקסידענט. (רייסט זיך פון זיינע הענט) איך זע פאַר אַן עקסידענט. כ׳זע דעם עקסידענט פאַר מיינע אויגן!

דאַוויד: דו זעסט נאָר שלעכטס. שטענדיק זעט מאַ נאָר שלעכטס.

ריטאַ: איך זע נאָר שלעכטס? דו הערסט גאָרנישט וואָס געשעט מיט טעקסי דרייווער? הערסט גאָרנישט וועגן דער מערדעריי?

דאַוויד: (אַוועקמאַכנדיק) איך דאַרף שלאָפן. אין פיר שעה אַרום וועק מיך. פאַרגעס נישט צו וועקן.

ריטאַ: איך וועל נישט וועקן. באַלד נאָך לאָנטש גיי איך צו מיין

אַרבעט אין סופּערמאַרקעט.

דאַוויד: ווידער אין סופּערמאַרקעט? מאַ האָט דאָך געדרעדט וועגן גיין צו אַן אַנדער דזשאָב? וואָס איז מיט דעם אַנדערן דזשאָב? (גייט צו זיך אין צימער און קערט זיך צוריק) מעגסט מיך וועקן. מעגסט אויף איין טאָג פֿאַרגעסן דעם סופּערמאַרקעט. דער סופּערמאַרק וועט אַזוי אויך מאַכן ביזנעס.

ריטאַ: איך דאַרף גיין צו דער אַרבעט. מיר באַצאָלט מען נאָר פֿאַר אַרבעט.

דאַוויד: זיי מעגן דיר באַצאָלן פֿאַר נישט קומען איין טאָג.

ריטאַ: אין אַלע ביזנעס צאָלט מען נאָר פֿאַר אַרבעט. פֿאַר זיצן אינדערהיים צאָלט מען נישט.

דאַוויד: פֿאַר איין טאָג מעגן זיי באַצאָלן. (פּויזע) אויב זיי וועלן נישט — וועל איך. איך וועל דיר באַצאָלן פֿאַר דעם טאָג. אָקעי?

ריטאַ: (אַרויפּטרעטנדיק אויף אַ שוך) הונדערט מאָל האָב איך געזאָגט שיך האָבן זייער פּלאַץ! אומעטום ליגן דיינע שיך! (קאַפּעט ביידע שיך) שטענדיק מיט דיינע שיך!

דאַוויד: אָקעי, אָקעי. (נאָכן אויפֿהייבן די שיך) יעצט איז אָקעי?

ריטאַ: און דאָס? (אָנווייזנדיק אויפֿן ראַדיאָ) שלעפּסט דאָס אומעטום. אומעטום מיט דעם ראַדיאָ! (דערלאַנגט אים דעם ראַדיאָ) איבעראַל הערט מען דעם ראַדיאָ!

דאַוויד: גוט, גוט, אויב מען הערט מיין ראַדיאָ, איז דאָס זייער גוט, זייער גוט.

ריטאַ: ווער דאַרף הערן דיין ראַדיאָ? פֿאַראַן פּלעני ראַדיאָ. יעדער האָט פּלעני ראַדיאָ ביי זיך אינדערהיים.

דאַוויד: (לאַכט)

ריטאַ: שלעפּסט דאָס מיט זיך. אין יעדן סאַבוויי, אין יעדן אויטאָבוס, הערט מען דעם ראַדיאָ... ווייסט וואָס דאָס מיינט? ווייסט וואָס מענטשן קלערן?

דאַוויד: מענטשן קלערן? גלייב מיר מענטשן קלערן גאָרנישט. נאָר דו קלערסט אַז מענטשן קלערן...

ריטאַ: מענטשן קלערן און מענטשן רעדן נאָך. מען רעדט נאָך אַפילו וועגן דער היים פון דעם באַי.

דאַוויד: ס׳איז גאָרנישט אַזוי וואָס דו דענקסט. מענטשן קלערן גאָרנישט און מענטשן רעדן גאָרנישט.

ריטאַ: מעגסט גלייבן מענטשן רעדן. מענטשן לייגן נאָך אַלץ אויף דער היים... אויף דער היים פון דעם באַי... אַלעס לייגט מען אויף דער היים...

דאַוויד: בילאָני! דאָס מאַ איז בילאָני! מאַ רעדט פלעין בילאָני!

ריטאַ: איך רעד בילאָני? זאָגסט מיר איך רעד בילאָני?

דאַוויד: יעס יעס! וואָס רעדט מאַ וועגן היים? וועלכע היים? (אַנווייזנדיק אויף זיך) דער באַי האָט אַ היים? ווען האָט דער באַי געהאַט אַ היים? ווען האָב איך געהאַט אַ היים? (גייט און קערט זיך צוריק האַלטנדיק די שיך) האָב איך אַמאָל געהאַט אַ היים? האָב איך אַ היים?

ריטאַ: האָסט אַלעס. אַלעס. האָסט דיין צימער, דיין פּריוואַט צימער מיט דיין געלעגער.

דאַוויד: מיין פּרייוועט צימער מיט מיין געלעגער? (פּויזע) געלע־גער מיט צימער איז אַ היים? דאָס הייסט אַ היים?

ריטאַ: ווער האָט דאָס מער? וועלכע באָ׳ס האָבן מער? טויזנטער באָיס האָבן דאָס נישט.

דאַוויד: טויזנטער באָיס! טויזנטער באָיס!

ריטאַ: מעגסט גלייבן. מעגסט גלייבן.

דאַוויד: טויזנטער באָיס! וואָס דערציילט מאַ וועגן טויזנטער? טויזנטער איז דיין ביזנעס? דיין ביזנעס איז דער איינער באַי... (אַנוויי־זנדיק אויף זיך) און מעגסט דעם באַי איינמאָל דערציילן וועגן דיין היים.

ריטאַ: וועגן מיין היים?

דאַוויד: יע לעידי! מעגסט איינמאָל דערציילן פון דיין היים. דערצייל מיר איינמאָל פון דיין פאַרגאַנגענהייט.

ריטאַ: פון מיין פאַרגאַנגענהייט? (פּויזע) דאָס איז נייעס. דער יונגער מענטש אינטערעסירט זיך מיט דער מאַמעס פאַרגאַנגענהייט.

דאַוויד: דער יונגער מענטש איז אינטערעסירט אין נאָך מיט נאָך.

(אַנידערשטעלנדיק די שיך) דער יונגער מענטש וויל נאָך וויסן אויב דײַנע עלטערן האָבן אַזוי געלעבט ווי עס לעבן מײַנע עלטערן?

ריטאַ: (איבעראַשט) מײַנע עלטערן?

דאַוויד: דײַנע עלטערן.

ריטאַ: וואָס רעדט ער?

דאַוויד: פֿאַרשטייסט נישט וואָס איך פֿרעג?

ריטאַ: וואָס זאָל איך דיר זאָגן וועגן מײַנע עלטערן? וואָס איז פּלוצים וועגן מײַנע עלטערן?

דאַוויד: האָסט מיר נאָך קיינמאָל נישט דערציילט. איך וויל וויסן וועגן דײַן טאַטע. איך וויל וויסן וועגן דײַן מאַמע. האָסט אַמאָל געהאַט טאַטע מאַמע? איך גלייב האָסט געהאַט אַ טאַטע מיט אַ מאַמע. דערצייל מיר וועגן זיי. מעגסט מיר איינמאָל דערציילן.

ריטאַ: (שווייגט)

דאַוויד: ווילסט מיר גאָרנישט דערציילן?

ריטאַ: גיי שלאָפֿן. האָסט דאָך געוואָלט שלאָפֿן.

דאַוויד: ווילסט מיר גאָרנישט דערציילן? דאַרף איך גאָרנישט וויסן? אינטערעסירט דיך גאָרנישט צו דערציילן וועגן אייגענע עלטערן? (אויפֿהייבענדיק די שיך) אַזעלכעס האָב איך קיינמאָל נישט געהערט. אין מײַן גאַנץ לעבן האָב איך דאָס נישט געהערט. ווער דערציילט נישט וועגן אייגענע עלטערן? וועלכע מאַמע דערציילט דאָס נישט? (נאָך אַ פּויזע) מיר ווערט אַלץ קלאָר. אַלעס איז מיר קלאָר.

ריטאַ: וואָס איז דיר קלאָר?

דאַוויד: אַלעס. אַלעס.

ריטאַ: וואָס איז דיר קלאָר?

דאַוויד: (נאָך אַ פּויזע) אָדער ווילסט נישט דערציילן, אָדער דו שעמסט זיך צו דערציילן.

ריטאַ: איך שעם זיך? מיט וואָס אַזעלכעס שעם איך זיך? מיט וואָס?

דאַוויד: יע יע לעידי. שעמסט זיך דערציילן דײַנע עלטערן האָבן געלעבט סעפּערעט... דאָס איז עס.

ריטאַ: מיינע עלטערן האָבן געלעבט סעפּערעט? מיינע עלטערן?

דאַוויד: יאָ יאָ! דערפאַר האָט מאַ קיינמאָל גאָרנישט דערציילט וועגן זיי... דערפאַר ווילסטו אויך יעצט גאָרנישט דערציילן.

ריטאַ: ווער האָט געזאָגט מיינע עלטערן האָבן געלעבט סעפּערעט? סעפּערעט לעבן איז אַ נייע זאַך. ס'איז מאָדערן היסטאָרי!

דאַוויד: מאָדערן היסטאָרי? (לאַכט) מאַ רעדט ווידער — בילאָני! סעפּערעישן איז אַלד היסטאָרי! דערצייל נישט מיר אַ נייע זאַך! אויב מיינע עלטערן לעבן סעפּערעט — פאַרוואָס האָבן דאָס נישט געקענט דיינע עלטערן?

ריטאַ: אידיאָט! אידיאָט! (רייסט אַרויס אַ שוך פון זיין האַנט און וויל אים פּאַטשן מיט דעם שוך) דו אידיאָט! ווער האָט דיר געזאָגט וועגן מיינע עלטערן?

פאָרהאַנג

# צווייטער אַקט

ס׳איז עטלעכע וואָכן שפּעטער אין אַ צימער פון מאַטיס אַפּאַרטמענט.
דאָס צימער האָט צוויי פענצטער און נעבן די פענצטער שטייט אַ קושעטע איבערגעצויגן מיט פּלאַסטיק. אינמיטן צימער שטייט אַ רונדער טיש מיט עטלעכע שטולן. אין אַ ווינקל, ביי אַ קליין טישל, זיצט דאַוויד ביי אַ שרייב־מאַשין. מאַטיס האַלט אַ העמד ביים קאָלנער.
לענאַ קומט אַריין פון דער קיך אין אַ ווייס קיך־פאַרטעך און נעמט אויסשפּרייטן אַ טישטעך אויפן טיש

**דאַוויד:** טאַטע גייט נאָך היינט אין האָספּיטאַל?

**לענאַ:** היינט האָב איך נאַכט אַרבעט.

**דאַוויד:** (שטייט אויף) מיין נאַכט אַרבעט איז מאָרגן.

**לענאַ:** דיין נאַכט אַרבעט געפעלט מיר נישט.

**דאַוויד:** קיינעם געפעלט נישט מיין דזשאָב! מאַ געפעלט נישט. טאַטע געפעלט נישט. און וואָס זאָגט מיין פּאַפּאַ? האַ פּאַ?

**מאַטיס:** (שווייגט)

**דאַוויד:** ווילסט גאָרנישט רעדן? רעד אַ וואָרט! זאָג אַ וואָרט קריטיק! (צו לענאַ) מיין טאַטע האָט פיינט קריטיק. און איך האָב ליב קריטיק. מיר מעג מען זאָגן קריטיק פון היינט ביז — איבער אַ יאָר!

**מאַטיס:** באַלד קומט אַרטור. ווען אַרטור וועט אַוועק, וועלן מיר עסן סאַפּער.

**לענאַ:** אַרטור וועט נישט בלייבן צו סאַפּער?

מאַטיס: אַרטור עסט סאַפּער מיט זיין ווייב. ער האָט דאָס ריכטיקע ווייב. מיט אַזאַ ווייב גייט מען אַרויס פון יעדן פייער.

לענאַ: אַזאַ ווייב האָט ער?

מאַטיס: ער האָט דאָס ריכטיקע ווייב. אַזאַ פרוי האָב איך געדאַרפט. מיין לעבן וואָלט אַנדערש אויסגעזען.

לענאַ: דאָס דאַכט זיך דיר.

מאַטיס: וואָס האָט זי געזאָגט?

דאַוויד: טאַנטע האָט געזאָגט: „עס דאַכט זיך דיר".

מאַטיס: עס דאַכט זיך מיר?

(אַרטור קומט אַריין. ער זעט אויס פופציק יאָר אַלט. ער קוקט איבעראַשט)

אַרטור: אַלע צוזאַמען? די גאַנצע משפחה צוזאַמען? וואָס מאַכסטו דאַוויד? וואָס מאַכסטו? (צו לענאַ) אַבי מאַטיס קלאָגט ער האָט נישט קיינעם.

לענאַ: מאַטיס האָט נאָר וואָס גערעדט וועגן אייך.

אַרטור: וואָס מאַטיס האָט גערעדט, ווייס איך. איך ווייס. וואָס ער רעדט איז — פאַנטאַזיע!

(לענאַ גייט אין קיך אַריין)

מאַטיס: איך האָב געזאָגט: דו האָסט דאָס ריכטיקע ווייב. דאָס ריכטיקע ווייב. עפּעס האָט צוגעברענט. (שנאַפּט די לופט) אין דער קיך האָט עפּעס צוגעברענט. ווען מיין שוועסטער קאָכט עפּעס דאַרפט מען שטעלן אַ שומר.

אַרטור: אַלץ פּאַסירט, מאַטיס. טיילמאָל פּאַסירט, מיין פרוי דאַרף אויך אַ שומר ביים קאָכן.

מאַטיס: מיט דיין פרוי איז ווי מיט אַ מאַמע. אַזאַ פרוי האָב איך געדאַרפט. (צו דאַוויד) קענסט דערוויייל אַריינגיין צום טעלעוויזשן. אין

צוואַנציק מינוט אַרום וועלן מיר עסן סאַפּער. אָקעי?
דאַוויד: אָקעי פּאַ.

(ער גייט אין צווייטן צימער. מאַטיס פאַרמאַכט די טיר פון דעם צימער)

מאַטיס: וואָס זאָגסט צו דעם באַי? אַ פיינער באַי, נאָר טרעפט ער ביי מיר אַ פרוי, איז — ערד ציטערניש...

אַרטור: דער באַי איז אָל ראַיט. אָבער דו מאַטיס. דו האָסט צופיל אינזינעץ פרויען. דאָס איז גליטשיקע ביזנעס.

מאַטיס: גליטשיקע ביזנעס? ווייסט וויפל מענער זענען אין די גליטשיקע ביזנעס? דו אַרטור האָסט אויך געקענט אַריינפאַלן אין די ביזנעס. נאָר דו האָסט געפּאַקט די ריכטיקע פרוי. צוואַנציק יאָר מיט איין פרוי! ווי אַזוי גייט דאָס? ווי אַזוי? מיר איז נישט געגאַנגען און עס גייט מיר נישט.

אַרטור: מיר דאַרפן ערלעדיקן עטלעכע זאַכן.

מאַטיס: וועגן איין זאַך האָב איך דעצידירט: איך ענדיק מיט דעם שאַפּ.

אַרטור: (נאָך אַ פּויזע) אַזוי האָסטו דעצידירט?

מאַטיס: אַזוי האָב איך דעצידירט. קענסט דיר זוכן אַ צווייטן אויף מיין אָרט.

אַרטור: אָל ראַיט, איך קען מיר זוכן אַ צווייטן מענטש. און דו? וואָס זענען דיינע פּלענער?

מאַטיס: איך האָב פּלענער. איך האָב פאַרשידענע פּלענער. איך וועל אפשר גיין צו אַנדערע אַרבעט.

אַרטור: צו אַנדערע אַרבעט? פאַרגעסט ביסט שוין איבער פופציק?

מאַטיס: כ׳וועל מיר זוכן אַ דזשאַב מיט אַנדערע אַרבעט.

אַרטור: איך האָב דיר געזאָגט קענסט ווערן מיין פּאַרטנער. קענסט צו יעדער צייט ווערן פּאַרטנער צום שאַפּ.

מאַטיס: איך קען צו יעדער צייט ווערן אַ פּאַרטנער? יעדער גלייבט

מיר זענען פּאַרטנער זינט דער שאָפּ עקזיסטירט... אפילו מיין דעיוויד מיט מיין שוועסטער גלייבן מיר זענען פּאַרטנער... אָבער איך בין נאָר דער פאָרמען... איך בין דער אָנטרייבער... דער קאָנטראָלער. איך קאָנטראָליר שטרענג יעדע אַרבעט און איך מאַך מיר שונאים אין שאַפּ... נאָך וואָס דאַרף איך אַ שאָפּ מיט שונאים?

אַרטור: (נאָך אַ פּויזע) אַ שאָפּ מיט שונאים? צדיקים זיצן נישט נישט אין שאַפּ, מאַטיס. פאַרוואָס איז געווען אַל ראַיט ביז דעם יאָר?

מאַטיס: עס האָט זיך געענדערט... אַלץ האָט זיך געענדערט...

אַרטור: זיכער האָט זיך אַלץ געענדערט... דו האָסט זיך אויך געענדערט.

מאַטיס: עמיצער פון שאָפּ שעלט מיך אויפן טעלעפאָן. עמיצער פון שאָפּ סטראַשעט מיך. כמעט יעדן טאָג סטראַשעט מען מיך אויפ׳ן טעלע־פאָן.

אַרטור: (אַוועקמאַכנדיק) דער וואָס סטראַשעט אויפן טעלעפאָן איז אַ משוגענער. אַ משוגענער כוליגאַן.

מאַטיס: ס׳איז עמיצער פון שאָפּ. עמיצער אין שאָפּ האָט אַ שרעק־לעך האַרץ אויף מיר.

אַרטור: מיך סטראַשעט מען אויך אויפן טעלעפאָן. דאָס אַרבעט אַזוי מיינס אַ קאָנקורענט. מען וויל מיך אַרויסשטיפּן פון ביזנעס. פאַר־שטייסט? (שטעלט זיך ביים קליינעם טישל און אָבסערווירט די שרייב־מאַשין) כ׳זע שרייבסט נאָך אַלץ בריוו? צו וועמען שרייבסטו דאָס?

מאַטיס: איך דערהאַלט בריוו. איך שרייב בריוו. בריוו איז מיין בעסטע האָבי.

אַרטור: דו קענסט דיר אַלץ ערלויבן. ווער ס׳לעבט אַ לעבן פון אַ קאַוואַליר, קען זיך אַלץ דערלויבן. לעבסט אַ פריי לעבן, מאַטיס. בריוו איז דיין בעסטע האָבי. (נעמט אַ בריוו פון קליינעם טישל, לייענט) סינסינעטי? אַ בריוו פון סינסינעטי? פון וועמען איז דאָס?

מאַטיס: מעגסט לעזן דעם בריוו. דעם בריוו מעג יעדער לעזן.

אַרטור: ווער שרייבט דאָס?

מאַטיס: דאָס שרייבט מיר אַ קאָלעגע. ס׳וועט אַכצן יאָר, מיר

זענען אהערגעקומען אויף איין שיף.

אַרטור: וואָס מיינט דער קאַלעגע מיט... (קוקט ווידער אין דעם בריוו) וואָס מיינט ער מיט „סוקסעס פון אַרבעט?" וואָס מיינט ער מיט דעם?

מאַטיס: לעז דעם גאַנצן בריוו. לעז אַלעס וועט דיר קלאָר ווערן וואָס ער מיינט.

אַרטור: וועט מיר קלאָר ווערן? מיר איז אַביסל קלאָר. (וואַרפט דעם בריוו) אַביסל איז מיר קלאָר מיט וואָס מען מאַכט „סוקצעס פון אַרבעט". ווער ס'האָט נישט מורא פאַר ,שונאים" אין אַ שאָפּ, אָדער פאַר „עמיצן" אויפן טעלעפאָן, דער מאַכט — סוקצעס! יאָ יאָ, מאַטיס. איך זע דאָס ביי איינעם אַ באָי. דער באָי איז אַריין אין דער אַרבעט מיט איניציאַטיוו. דער באָי האָט זיך אויסגעטויגט, און דער באָי האָט שוין אייגענע ביזנעס מיט קרעדיט אין בענק. דער באָי האָט געמאַכט קאָלאָסאַל סוקסעס!

מאַטיס: סוקסעס פון איינעם אַ באָי! קאָלאָסאַל סוקסעס פון איינעם אַ באָי! איינעם אַ באָי, גייט שטענדיק מיט קאָלאָסאַל סוקסעס. אָבער מיין קאַלעגע פון סינסינעטי האָט נישט אינזינען דעם סוקצעס פון איינעם אַ באָי, אָדער סוקצעס פון הונדערט באָיס. מיין קאַלעגע האָט אינזינען דאָס גאַנצע לאַנד. דאָס גאַנצע לאַנד האָט ער אינזינען. לעז דעם גאַנצן בריוו. לעז דעם גאַנצן בריוו.

אַרטור: מיך אינטערעסירט נישט דער בריוו. וועמען אינטערעסירט וואָס עמיצער פון סינסינעטי האָט אינזינען?

מאַטיס: לעז דעם בריוו. (דערלאַנגט אים אַ צווייטן בריוו) דער בריוו וועט דיך אינטערעסירן.

אַרטור: (קוקט אויפן האַנט זיינער)

מאַטיס: דער בריוו וועט דיך אינטערעסירן. דער בריוו איז פון אַ פרוי. פון אַ לעידי.

אַרטור: (שווייגט)

מאַטיס: אינטערעסירט דיך גאָרנישט וואָס אַ לעידי שרייבט צו מיר?

אַרטור: מיך אינטערעסירט נישט קיינעמס בריוו.

מאַטיס: פון דער לעידיס בריוו זעט מען וואָס פרויען זענען. פון דעם בריוו זעט מען דעם כאַראַקטער פון אַ סך פרויען.

אַרטור: מיך אינטערעסירט נישט קיינעמס בריוו און מיך אינטערעסירט נישט דער כאַראַקטער פון אַ סך פרויען.

מאַטיס: דיך אינטערעסירט גאָרנישט וואָס פרויען זענען? און דיך אינטערעסירט נישט קיינעמס בריוו? נאָר אַ חיה איז נישט אינטערעסירט אין בריוו. (נעמט אַרויס בריוו פון אַ שופלאָד און ס׳דויערט אַ פּאָר מינוט ביז ער קלויבט אויס איינעם פון די בריוו) מעגסט לעזן דעם בריוו. מעגסט דאָס לעזן.

אַרטור: דערבאַרעם זיך מאַטיס! דערבאַרעם זעך! איך האָב דיר געזאָגט מיך אינטערעסירט נישט קיינעמס בריוו. דערבאַרעם זעך!

מאַטיס: ווייסט פון וועמען דער בריוו איז? דער בריוו איז פון אַ סענאַטאָר! פון אַ באַוווסטן סענאַטאָר!

אַרטור: דערבאַרעם זעך! (אויפהייבנדיקביידע הענט) דערבאַרעם זעך! מיך אינטערעסירט נישט קיינעמס בריוו צו דיר. מעג זיין פון אַ סענאַטאָר!

מאַטיס: דאָס איז עס, אַרטור. דאָס איז עס. ביסט אַביסל אייפערזיכטיק אויף מיין קאָרעספּאָנדענץ. ווייסט דען וואָס מיינט קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ סענאַטאָר? טויזענטער מענטשן שרייבן בריוו צו סענאַטאָרן. ווער עס שרייבט מיט קאָמפּלימענט און ווער מיט פּראָטעסט. פאַראַן געגנוג צו פּראָטעסטירן. מעגסט איינמאָל שרייבן אַ פּראָטעסט בריוו. יעדער סענאַטאָר האָט ליב בריוו און יעדער סענאַטאָר וועט דיר גערן ענטפערן. נאָך מיט אַ דאַנק!

אַרטור: האָקסט אַ טשייניק, מאַטיס! וועלכער סענאַטאָר דאַרף דאָס פון מיר פּראָטעסט בריוו? שרייבן בריוו איז נישט פאַר מיר. איינמאָל אין יאָר, ענטפער איך אויף בריוו פון מיינס אַ קרוב.

מאַטיס: דו האָסט פיינט בריוו און פאַר מיר איז שרייבן בריוו מיין בעסטער — ספּאָרט. דער ספּאָרט איז מיר זייער וויכטיק. זייער וויכטיק.

אַרטור: אַלעס מיסטעריע, מאַטיס. אויב שרייבן בריוו צו אַ סענאַ־

טאָר, איז פאַר דיר אַזוי וויכטיק, איז אַלץ — מיסטעריע. אפילו דיין לעבן סעפּערעט. דאָס סעפּערעט לעבן פון דיר זעט מיר אויס — מיס־טעריע.

מאַטיס: פאַרגעס אין אַלע מיסטעריעס. פאַרגעס מיין — קאָרעס־פּאָנדענץ. רעד נישט וועגן מיין סעפּערעט לעבן... מיין לעבן סעפּערעט, איז מיין זאַך. ס'איז מיין לעבן! אָקעי?

אַרטור: אָקעי, אָקעי.

מאַטיס: האָסט מיר נאָך עפּעס צו זאָגן? אויב האָסט גאָרנישט מער צו זאָגן, זאָג מיר אַ גוטע נאַכט. זאָג מיר אַ גוטע נאַכט.

אַרטור: ווער איז די פרוי וואָס שרייבט דיר בריוו? ווער איז זי?

מאַטיס: דאַרפסט וויסן ווער זי איז? איך האָב דאָס קיינמאָל נישט געפרעגט. וואָס איז די דיפערענץ ווער זי איז?

אַרטור: מאַכסט פון אַלעם מיסטעריע. אַ פרוי שרייבט צו דיר, אַ פרוי טעלעפאָנירט דיר, און דו ווייסט נישט ווער די פרוי איז?

מאַטיס: דיין פרוי טעלעפאָנירט נישט צו מיר און דיין פרוי שרייבט נישט צו מיר. און זאָג מיר אַ גוטע נאַכט. זאָג מיר אַ גוטע נאַכט.

אַרטור: אָל ראַיט. אָל ראַיט. (גייט און קערט זיך צוריק) מעג איך דיר נאָך עפּעס זאָגן?

מאַטיס: האָסט נאָך עפּעס צו זאָגן?

אַרטור: האָב נישט מורא פאַר שונאים. טראַכט נישט וואָס עמיצער, אַ קרענק, סטראַשעט אויפן טעלעפאָן. קום צוריק צו דער אַרבעט אין שאָפּ.

מאַטיס: כ'וועל דיר שרייבן אַ בריוו. איך וועל דיר שרייבן אַ בריוו. דערווייל זאָג מיר אַ גוטע נאַכט. זאָג מיר אַ גוטע נאַכט.

(אַרטור גייט אַרויס. מאַטיס שלעפּט פון ווינקל דאָס קליינע טישל אויף רעדלעך. ער זעצט זיך און נעמט קלאַפּן אויף דער שרייב־מאַשין. לענאַ קומט אַריין)

לענאַ: אַרטור איז שוין אַוועק? האָסט אים נישט איינגעלאַדען צו

סאַפּער?

מאַטיס: (נאָך אַ פּויזע) מיט דעם אַרטור האָב איך געדאַרפט פון לאַנג ענדיקן. נאָך מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, האָב איך דאָס געדאַרפט.

לענאַ: וואָס האָט פּאַסירט?

מאַטיס: איך האָב געענוג מיט דעם אַרטור. איך האָב גענוג מיט דעם שאָפּ.

לענאַ: קלערסט ווערן אויס פּאַרטנער?

מאַטיס: איך בין נישט קיינעמס פּאַרטנער. איך בין קיינמאָל נישט געווען קאַ פּאַרטנער. (רוקט צוריק דאָס טישל מיט דער שרייב־מאַשין) איך בין נאָר געווען דער אָנטרייבער. דער פאָרמען. איך האָב געיאָגט די פערד.

לענאַ: (שווייגט)

מאַטיס: איך האָב געיאָגט די פערד, קומט ער און ער זאָגט מיר נאָך קריטיק מיט קריטיק. ער דערלויבט זיך צופיל. איך האָב אים גענוג.

לענאַ: וואָס דערלויבט ער זיך צופיל? (פּויזע) אפשר דאַכט זיך דיר?

מאַטיס: אפשר דאַכט זיך מיר? וואָס מיינט „אפשר דאַכט זיך מיר?“ וואָס מיינט דאָס?

לענאַ: שריי נישט. שריי נישט. איך האָב פיינט מען שרייט אויף מיר. רעד צו מיר נאָרמאַל.

מאַטיס: וואָס דאַכט זיך מיר? וואָס דאַכט זיך מיר? און וואָס מיינט רעדן נאָרמאַל? וואָס מיינט דאָס? (פּויזע) דעם אַרטור וועל איך נאָך דערלאַנגען פאַר אַלע צייטן. צופיל מישט ער זיך אין מיין לעבן. צופיל ערלויבט ער זיך און דו פרעגסט נאָך: „אפשר דאַכט זיך מיר?“

לענאַ: יאָ יאָ, מאַטיס. דו פאַרגעסט אַרטור האָט דיר געהאָלפען. ווען נישט אַרטור וואָלסטו אפשר נאָך היינט געאַרבעט אויף יענעם סאָרט דזשאַב וואָס מיט זעכצן יאָר צוריק. געדענקסט יענע דזשאַבס מיט יענער אַרבעט? (פּויזע) פון יענע דזשאַבס האָסטו צומאָל נישט געקענט אויסהאַלטן דיין פאַמיליע. אַלע צרות האָבן זיך אָנגעהויבן פון נישט קענען אויסהאַלטן דיין פרוי מיט דיין קינד. געדענקסט יענע צייטן?

מאַטיס: יענע צייטן? וואָס דערציילט זי מיר פון יענע צייטן? געענדיקט מיט יענע צייטן!

לענאַ: מעגסט געדענקען ווי שלעכט ס׳איז דיר געווען! שלעכטע צייטן מעג מען געדענקען.

מאַטיס: געדענקען שלעכטע צייטן? מיר איז היינט אַזוי גוט, דאָס איך דאַרף נאָך געדענקען שלעכטע צייטן? שלעכטע צייטן וויל איך פאַרגעסן. ווער וויל געדענקען דזשאַבס פון זעכצן יאָר צוריק? (פּויזע) וואָס דערציילט זי מיר וועגן דזשאַבס פון אַמאָל?

לענאַ: צו געדענקען פון אַמאָל איז נאָרמאַל. ס׳איז דורכאויס נאָר־מאַל. געדענקסט אפשר וואָס אונזער מאַמע האָט דיר פאַראויסגעזאָגט מיט דרייסיג יאָר צוריק?

מאַטיס: אונזער מאַמע האָט מיר פאָרויס געזאָגט? איך דאַרף נאָך געדענקען וואָס מאַמע האָט מיר פאָרויס געזאָגט? דרייסיק יאָר צוריק?

לענאַ: איך געדענק. איך געדענק אונזער מאַמעס ווערטער וועגן דיין כאַראַקטער.

מאַטיס: אַזוי? געדענקסט וואָס אונזער מאַמע האָט מיר פאַראויס־געזאָגט וועגן מיין כאַראַקטער? געדענקסט אַלץ גענוי?

לענאַ: איך געדענק. איך געדענק.

מאַטיס: און וועגן דיר שוועסטער? וועגן דיר האָט אונזער מאַמע גאָרנישט פאַראויסגעזען?

לענאַ: וועגן מיר? וועגן מיר איז גאָרנישט געווען אַזעלכעס פאַר־אויסצוזען. איך בין געווען אַ נאָרמאַלע טאָכטער.

מאַטיס: אַזוי? דו ביסט געווען אַ נאָרמאַלע טאָכטער? געדענקסט אַלץ גענוי?

לענאַ: יעס יעס. איך בין געווען אַ נאָרמאַלע טאָכטער. אין אונזער משפחה זענען אַלע טעכטער געווען נאָרמאַל.

מאַטיס: אַזוי? אַלע זענען געווען נאָרמאַל? נאָר איך? נאָר איך איינער, בין נישט געווען נאָרמאַל? (פּויזע) ס׳איז נישט געווען אַזוי. דו שוועסטער געדענקסט שלעכט. דו אַליין ביסט גאָרנישט געווען אזוי — איי איי! אונזער מאַמע האָט געהאַט פּלעני קלאָפּאָט מיט דיר!

לענאַ: פון מיר קלאַפּאַט? (לאַכט) מיט מיר האָט מיין מאַמע געהאַט קלאַפּאַט?

מאַטיס: יע יע, לענאַ. האָסט געמאַכט פּלעני' צרות און די מאַמע האָט גענוג געליטן פון דיינע קאַפּריזן.

לענאַ: (וויל נישט הערן)

מאַטיס: יעס יעס לענאַ. דיינע קאַפּריזן געדענק איך. האָסט געהאַט קאַפּריזן מיט היסטעריע. אָבער אַלע קלעפּ וואָס אונזער טאַטע האָט געוואָלט דיר געבן, האָב איך אַריינגעכאַפּט. וואָס דיר איז געקומען האָט מען מיר דערלאַנגט. דאָס געדענק איך. דאָס געדענק איך. נאָכמער דאַרף דאָס געדענקען אונזער אייזיק. אייזיק האָט געכאַפּט נאָכמער קלעפּ. ער האָט אַריינגעכאַפּט נאָכמער קלעפּ פון מיר. דעריבער איז ער אַנטלאָפן קאַ מעקסיקע. יעס יעס. ווען איי;יק איז אַוועק בין איך געווען אין כעס. מיך האָט פאַרדראָסן. נאָך היינט פאַרדריסט מיך. ער האָט מיר געדאַרפט זאָגן וועגן אַנטלויפן. מיר האָבן דאַמאָלט געקענט צוזאַמען אַוועק קאַ מעקסיקע.

לענאַ: אַך אַך!

מאַטיס: וואָס אַך? וואָס מיינט — אַך?

לענאַ: דו וואָלסט דאַמאָלט נישט אַוועק. עס דאַכט זעך דיר וואָלסט אַוועק.

מאַטיס: מיר דאַכט זעך? איך זאָג כ'וואָלט אַוועק, זאָגסטו „עס דאַכט זעך מיר?״ אַלעס דאַכט זעך מיר? אַלעס דאַכט זעך מיר? און דו געדענקסט אַזוי גענוי, וואָס אונזער' מאַמע האָט פאַראויסגעזען מיט דרייסיק יאָר צוריק?

לענאַ: (שווייגט)

מאַטיס: האָט אונזער מאַמע פאָרויס געזען איך וועל קריגן אַ ווייב אַ שלאַק? האָט דאָס אונזער מאַמע אויך פאָרויס געזען?

לענאַ: אַלץ האָט זי פאַראויסגעזען. אַלץ וואָלט געווען אַנדערש ווען דו וואָלסט אינזינען געהאַט פאַמיליע לעבן. האָסט אָבער אינזינען געהאַט — פרייהייט. דיין — פרייהייט!

מאַטיס: פרייהייט איז אַ דעליקאַטע זאַך, לענאַ. אפילו מערדער

ווילן האָבן פרייהייט... אָבער דער פונדאַמענט אין פאַמיליע לעבן איז אַ געטריי ווייב. ווען אַ ווייב איז געטריי.

לענאַ: (לאַכט)

מאַטיס: יאָ יאָ, שוועסטער. אין יעדער צעבראָכענער היים איז שולדיק די פרוי. דאָס ווייב. אַלץ דאָס ווייב!

לענאַ: אַלץ דאָס ווייב? אַזוי דאַכט זיך דיר?

מאַטיס: אַ געטרייע פרוי בלייבט שטענדיק געטריי. כ׳האָב געמיינט כ׳האָב אַ געטרייע פרוי.

לענאַ: אַ געטרייע פרוי? די פרוי האָט נאָך געדאַרפט בלייבן געטריי? פאַרוואָס? ווייל האָסט זיך אויפגעהויבן און ביסט אַוועק? ווייל ביסט פאַרשווינדן אויף אַ גאַנץ יאָר? ווער פאַרשווינדט דאָס פון אַ ווייב און פון אַ קינד? דערפאַר האָט ס׳ווייב נאָך געדאַרפט בלייבן געטריי?

מאַטיס: (שווייגט)

לענאַ: אַ געטריי ווייב האָט ער נאָך געוואָלט! ווען ס׳ווייב וואָלט נאָך געבליבן געטריי, וואָלט דאָס געווען אַ סקאַנדאַל! דער גרעסטער סקאַנדאַל!

מאַטיס: דער גרעסטער סקאַנדאַל?

לענאַ: יעס יעס.

מאַטיס: אַזוי רעדט אַן אייגענע שוועסטער?

לענאַ: אַזוי רעד איך.

מאַטיס: אַ שוועסטער רעדט נישט אַזוי. אַ שוועסטער מעג רעדן אַנדערש. אַ קליין ביסעלע אַנדערש.

לענאַ: אַ שוועסטער מעג אויך זאָגן דעם אמת. ווער פאַרשווינדט אויף אַ גאַנץ יאָר פון אַ פרוי מיט אַ קליין קינד? און היינט? וואָס איז היינט? היינט האָסטו דען יאָ איינזינען דעיווידס צוקונפט?

מאַטיס: וואָס איז ווידער מיט דעיווידס צוקונפט? פאַרוואָס מוז איך איינזינען האָבן דעווידס צוקונפט?

לענאַ: מעגסט איינזינען האָבן. האָב איינזינען דאַוויד האָט אַ לעבעדיקן טאַטע. און דער לעבעדיקער טאַטע, וויל אים נאָך פאַרזאָרגן מיט אַ שטיף פאָטער.

מאַטיס: וואָס רעדט זי? וואָס רעדט זי? וואָס מיינט איך וויל נאָך פאַרזאָרגן מיין דעיוויד מיט אַ שטיף פאָטער?

לענאַ: אַזוי זעט אויס. אויב ריטאַ וועט הייראַטן, וועט דאַוויד נאָך האָבן אַ — שטיף פאָטער. און קוים וועט דיר איינפאַלן צו הייראַטן, וועט ער נאָך האָבן אַ — שטיף מאַמע. אַזוי קען דאָס פּאַסירן. אַזוי קען פּאַסירן.

מאַטיס: אַזוי קען דאָס פּאַסירן אויב מיר וועט איינפאַלן צו הייראַטן? (לאַכט) זינט ווען דאַכט זעך דיר, מיר וועט נאָך איינפאַלן צו הייראַטן? פאַרוואָס זאָל איך הייראַטן נאָך אַמאָל? ניין שוועסטער! דאָס וועט מיר קיינמאָל נישט איינפאַלן. איך גאַראַנטיר ביי אַלעם איך האָב דאָס גאַרנישט אינזינען. איך בין אַ קראַנקער מענטש.

לענאַ: ווער איז דאָס? (אָנווייזנדיק אויף דער וואַנט) ווער איז דאָס?

מאַטיס: האָסט קיינמאָל נישט געזען די פאָטאָגראַפיע?

לענאַ: ווער איז דאָס?

מאַטיס: אַ באַקאַנטע.

לענאַ: אַזאַ יונגע? אַזאַ יונג מיידל?

מאַטיס: (לאַכט)

לענאַ: דאָס מיידל זעט אויס יונגער פון דעיוויד.

מאַטיס: ווער נישט אַזוי בייז, שוועסטער. כ׳קען דיר מעלדן זי איז נישט קאַ מיידל און נישט אַזאַ יונגע. אָקעי?

לענאַ: נישט אַזאַ יונגע און נישט קאַ מיידל? און זאָגסט נאָך האָסט גאַרנישט אינזינען? האָסט גאַרנישט אינזינען?

מאַטיס: אויף היינט איז גענוג, לענאַ. גענוג דערמיט. און וואָס איך האָב אינזינען, וועל איך דיר שרייבן אין אַ בריוו. כ׳וועל דיר שרייבן אַ בריוו.

לענאַ: שרייב נישט צו מיר. קענסט אַלץ רעדן צו מיר.

מאַטיס: איך וועל דיר שרייבן אַ בריוו. דערווייל זאָג מיר אַ גוטע נאַכט. זאָג מיר אַ גוטע נאַכט.

(דאַוויד קומט אַריין)

דאַוויד: ווען עסט מען סאַפּער? וואָס מיט סאַפּער? (דערזעט

דער מומעס נערוועזיטעט) וואָס איז געשען?

לענאַ: איך מוז גיין (וואַרפט פון זיך דאָס קיך־פאַרטעך) איך מוז גיין.

דאַוויד: וואָס איז געשען? טאַנטע בלייבט נישט צו סאַפּער?

לענאַ: כ'האָב היינט נאַכט אַרבעט. כ'האָב דיר געזאָגט. ווי האָב איך מיין בייטל? (דערזעט דעם בייטל) איך מוז נאָך היינט גיין אין האָספּיטאַל.

(זי גיט אים אַ קוש און גייט אַרויס. דאַוויד שטייט שווייגנדיק)

מאַטיס: ווען זי קומט אַהער, ברענגט זי מיר פאַרגעסענע פּראָבלעמען און באַקט מיר פרישע פּראָבלעמס. אַ בעקערין פון פּראָבלעמס.

דאַוויד: וועלכע פּראָבלעמס? וועלכע פּראָבלעמס?

מאַטיס: פרעג נישט. דאַרפסט גאָרנישט פרעגן.

דאַוויד: אָקעי פּאַ. גאָרנישט פרעגן. גאָרנישט פרעגן.

מאַטיס: קענסט אַלץ פרעגן. ווען זיך אָבער דערפרעגן צו שלעכטס. נאָר צו שלעכטס.

דאַוויד: נאָר צו שלעכטס? פאַרוואָס נאָר צו שלעכטס?

מאַטיס: אַזוי איז דאָס. אַזוי איז דאָס. (הייבט אויף פון דער פּאָדלאָגע לענאַס קיך־פאַרטוך) אַזוי גייט דאָס ביי אונז. ביי אונז גייט שוין אַזוי.

דאַוויד: אָל ראַיט. אָל ראַיט. באַ אונז גייט שוין אַזוי. באַ אונז גייט אַזוי. ווי האַלט מיט סאַפּער?

מאַטיס: אַזוי איז דאָס. אַזוי גייט דאָס. (גייט אין דער קיך און ברענגט אַריין טעלער מיט עסנוואַרג) אין פרידזשידער שטייט סאָדאַ מיט קעטש אַפּ.

(דאַוויד גייט און ברענגט אַריין קעטשאַפּ מיט אַ פלאַש סאָדאַ)

דאַוויד: קעטשאַפּ איז נאָר געבליבן אַ ביסעלע. ס'איז אַלד קעטשאַפּ. פּאַ דאַרף קויפן פרישע קעטשאַפּ.

מאַטיס: קעטשאַפּ, קויף איך נאָר פאַר דיר. קעטשאַפּ, עס איך איינמאָל אין דריי מאָנאַט.

דאַוויד: איך עס יעדן טאָג. פּאַ מעג אויך עסן יעדן טאָג.

מאַטיס: יעדן טאָג עסן קעטשאַפּ? איך מוז אַלץ עסן וואָס סופּער־

מאַרקעטס דאַרפן פאַרקויפן?

דאַוויד: איך ווייס. איך ווייס. פּאַ איז אַ שוואַכער קאָסטאָמער פאַר סופּערמאַרקעטס. פון אַזעלכע קאָסטאָמער, מאַכן סופּערמאַרקעטס קאַשע מיט וואַסער.

מאַטיס: יע יע. פון מיר מאַכן זיי וואַסער אויף קאַשע! (לאַכט) ביסט גערעכט דעיוויד. אַזעלכע קאָסטאָמער ווי דיין טאַטע, קענען טרייבן באַנקראָט אַלע סופּערמאַרקעטס! און דיין מאַמע קען נאָך בלייבן אָן אַ דזשאַב.

דאַוויד: (נאָך אַ פּויזע) מאַ זוכט אַן אַנדער דזשאַב. זי האָט טראָבל פון שטיין אין סופּערמאַרקעט.

מאַטיס: טראָבל פון שטיין אין סופּערמאַרק?

דאַוויד: גלייבסט נישט? מעגסט גלייבן זי האָט טראָבל.

מאַטיס: איך גלייב. אַלץ גלייב איך. מיט שטיין אין אַ סופּערמאַרק, איז דיין מאַמע נישט די איינציקע. אַלע סעפּעדירטע פרויען שטייען אין סופּערמאַרקעטס.

דאַוויד: אַלע סעפּערירטע פרויען? פונוואַנען ווייסט פּאַ וועגן אַלע סעפּערירטע פרויען?

מאַטיס: אויף אַלעם איז פאַראַן סטאַטיסטיק. זיבעציק, אָדער אַכציק פּראָצענט סעפּערירטע ווייבער, אַרבעטן אין סופּערמאַרקעטס. דאָס איז סטאַטיסטיק.

דאַוויד: גלייבסט אין דער סטאַטיסטיק? פונוואַנען האָט פּאַ דעם סאָרט סטאַטיסטיק?

מאַטיס: כ'האָב דאָס געהערט. אַ פּראָפעסאָר, אָדער עמיצער, האָט דאָס געזאָגט אויף ראַדיאָ.

דאַוויד: אויף ראַדיאָ? פּאַ איז זיכער? פּאַ איז זיכער, אַ פּראָפעסאָר האָט דאָס געזאָגט אויף ראַדיאָ?

מאַטיס: וואָס פרעגסטו צי כ'בין זיכער? גלייבסט נישט איך האָב דאָס געהערט? קוים גלייבסט מיר נישט, פרעג מיך גאָרנישט. פרעג גאָרנישט.

דאַוויד: גאָרנישט פרעגן. גאָרנישט פרעגן. אָקעי.

מאַטיס: כ׳האָב דיר פריער געזאָגט מיר וועלן זיך דער רעדן צו שלעכטס. כ׳שווער ביי גאָט.

דאַוויד: ביי גאָט? אַזוי רעליגעז איז פּאַ? שווערן ביי גאָט דאַרף מען האָבן רעליגיע. דאַרף מען לעבן רעליגיש.

מאַטיס: דאַרף מען לעבן רעליגיש? ווער האָט דאָס געזאָגט? (אָנווייזנדיק אויפן טיש) זעץ זיך עסן און זאָג מיר נישט וועגן „לעבן רעליגיש“.

דאַוויד: (פּאַרייכערט אַ פּאַפּיראָס)

מאַטיס: איך לעב רעליגיש. ווער ס׳לעבט פון אַרבעט, לעבט מיט רעליגיע. איך האָב פלעגני רעליגיע.

דאַוויד: קענסט דאָס נישט זאָגן. וואָלסט געלעבט מיט רעליגיע, וואָלט אַלעס געווען דיפערענט. אַלעס וואָלט געווען קאָמפּלעט דיפערענט.

מאַטיס: אַלעס וואָלט געווען קאָמפּלעט דיפערענט? וואָס מיינט אַלעס וואָלט געווען „קאָמפּלעט דיפערענט?“

דאַוויד: וואָס דו האָסט געמאַכט מאַכן נישט רעליגיעזע מענטשן. וועלכע רעליגיעזע מענטשן לעבן סעפּערירט?

מאַטיס: זעץ זיך צום טיש. זעץ זיך צום טיש.

דאַוויד: זאָג מיר וועלכע מענטשן מיט רעליגיע לעבן סעפּערעט?

מאַטיס: דאָס פרעג דער מאַמע.

דאַוויד: פרעגן דער מאַמע?

מאַטיס: מעגסט זי פרעגן. וועגן לעבן סעפּערעט — פרעג דער מאַמע! מאַך איר דעם טראָבל!

דאַוויד: מאַ האָט פלעגנטי טראָבל פון מיר. מעגסט מיר גלייבן. דערצו האָט זי נאָך טראָבל מיט די פיס... פון שטיין אין סופּערמאַרקעט.

מאַטיס: קראַנקע פיס איז נישט פון שטיין אין אַ סופּער־מאַרקעט.

דאַוויד: איך האָב נישט געזאָגט „קראַנקע פיס“. איך האָב געזאָגט „טראָבל מיט די פיס“.

מאַטיס: ס׳איז דאָס זעלבע. „טראָבל“, אָדער „קראַנק“, — איז אַלץ דאָס זעלבע.

דאַוויד: (וויל נישט הערן)

מאַטיס: יע יע. ביי סעפּערירטע פּרויען איז יעדע קרענק אַ שטראָף. אַ ספּעשל שטראָף זענען קראַנקע פיס.

דאַוויד: דאָס פּאַ איז בילאָני! פון וועמען איז די ספּעשל שטראָף? פון וועמענס פאַנטאַזי?

מאַטיס: פאַראַן אַזאַ שטראָף. די שטראָף איז אפשר פון אַ געהיים געריכט. יע יע דאַוויד. אַ געהיים געריכט קען נאָך שטראָפן מיט דיאַבעטיק, מיט בלינדקייט. און מיט נאָך און נאָך. ביי סעפּערירטע פרויען איז יעדע קרענק אַ ספּעשל געהיימע שטראָף.

דאַוויד: אַ ספּעשל געהיימע שטראָף? פון אַ ספּעשל געהיים געריכט? (לאַכט) דאָס האָט פּאַ אויך געהערט אויף ראַדיאָ?

מאַטיס: קראַנקע פיס, איז נישט פון שטיין אין סופּערמאַרקעט.

דאַוויד: קאָמפּלעט בילאָני! פּאַ רעדט הונדערט פּראָצענט בילאָני! מאַ האָט געהאַט שיינע פיס. געדענקסט אירע שיינע פיס? געדענקסט מאַמעס פיגור? געדענקסט?

מאַטיס: איך געדענק. איך געדענק.

דאַוויד: מיט אַזאַ פיגור ווערן מיידלעך מאָדעלס... פּלענטי מיידלעך מאַכן קאַריערע מיט אַזאַ פיגור.

מאַטיס: קענסט נישט דיין מאַמע. קענסט זי נישט. נאָך איידער מיר זענען אַהערגעקומען אין דעם לאַנד, האָב איך געליטן פון איר. זי האָט אַמביציע צו הערשן. ווען זי ווערט אין כעס, קען זי כאַפּן אַ מעסער. יאָ יאָ דאַוויד. שטיי נישט צו נאָענט מיט אַ מיידל פון דיין מאַמעס קאַטעגאָריע. מיט אַזעלכע גייט מען צו קאַטאַסטראָפע. צו קאָמפּלעטער קאַטאַסטראָפע.

דאַוויד: (שווייגט)

מאַטיס: מיט דער קאַטעגאָריע פרוי איז קאָמפּלעטע קאַטאַסטראָפע.

דאַוויד: דער סאָרט רעדן געפעלט מיר נישט. (נעמט די פּלאַש סאָדאַ פון טיש און טרינקט) דאָס רעדן געפעלט מיר נישט. רעד איינמאָל וועגן מיין מאַמע מיר זאָל געפעלן.

מאַטיס: דיר געפעלט נישט מיין רעדן? דו קלערסט דיין מאַמע איז דיר געטריי? כ׳קען דיר מעלדן זי איז דאָס נישט. ווען נישט איך, וואָלסטו געמעגט פאַרגעסן אין מאַכן קאַלעדזש. ווען נישט איך, וואָלט זי דיך פון לאַנג געטריבן צו אַרבעט.

דאַוויד: מיך דאַרף קיינער נישט טרייבן צו אַרבעט. איך האָב ליב אַרבעט.

מאַטיס: זי וואָלט דיך געטריבן צו אַרבעט אין אַ גאַראַזש. אָדער צו ווערן אַ שויבן וואַשער.

דאַוויד: איז וואָס? איז וואָס? איך האָב ליב גאַראַזש אַרבעט.

מאַטיס: אָל ראַיט. אָל ראַיט. זעץ זיך צום טיש. זעץ זיך צום טיש.

דאַוויד: אַרבעט אין אַ גאַראַזש, אָדער גיין וואַשן שויבן, איז אַ פאַרברעך? יעדער מוז מאַכן קאַלעדזש? דו האָסט געמאַכט קאַלעדזש?

מאַטיס: אין דעם לאַנד גייט אַזוי. אין דעם לאַנד איז מאַכן קאַלעדזש, אַ נאָרמאַל זאַך.

דאַוויד: און אַרבעט אין דעם לאַנד? אַרבעט איז נישט נאָרמאַל? אַרבעט איז אויך אַ נאָרמאַל זאַך. יעדע אַרבעט איז וויכטיק ווי גיין אין קאַלעדזש.

מאַטיס: אַלץ איז וויכטיק. אַלעס איז וויכטיק. נאָר דיין רעדן. זאָגסט אַלע ווערטער פון דיין מאַמע.

דאַוויד: איך זאָג אַלע ווערטער פון מיין מאַמע? (שטעלט מיט כעס די פלאַש סאָדאַ אויפן טיש) אַלע ווערטער פון מיין מאַמע? איז וואָס? וואָס מיינט דאָס? איז אַ פאַרברעך דאָס זאָגן אַ מאַמעס ווערטער? זענען אַ מאַמעס ווערטער נישט לעגאַל? זענען זיי שעדלעך? (פויזע) איך זע האָסט נישט קיין ענטפער. און זאָגסט נאָך: „האָסט פלעגנטי רעליגיע״. איז דאָס אַלעס רעליגיע וואָס דו זאָגסט און וואָס איך הער וועגן מיין מאַמע? (פויזע) אַזוי איז יעדעס מאָל. יעדעס מאָל גייט דאָס אַזוי. ווען איך קום אַהער אויף אַ טאָג, אָדער אויף עטלעכע שעה, איז דאָס זעלבע. שטענדיק דאָס זעלבע. ווען וועט זיך דאָס ענדיקן? ווען וועט זיך דאָס ענדיקן?

מאַטיס: (שווייגט)

דאַוויד: ענטפער מיר. ענטפער מיר.

מאַטיס: (שווייגט)

דאַוויד: ווען וועט זיך דאָס ענדיקן?

מאַטיס: כ׳האָב דיר פריער געזאָגט: „מיר וועלן זיך דער רעדן צו שלעכטס״. נאָר צו שלעכטס.

דאַוויד: נאָר צו שלעכטס? נאָר צו שלעכטס? (לאַכט) האָט דיין טאַטע אויך גערעדט אַזעלכעס?

מאַטיס: מיין טאַטע? וואָס האָט דאָס מיט מיין טאַטע? זעץ זיך צום טיש. לאָמיר היינט ענדיקן מיט דעם סאַפּער.

דאַוויד: ענטפער מיר, אויב דיין טאַטע האָט אויך אַזוי גערעדט? האָסט מיר נאָך קיינמאָל נישט דערציילט פון דיין פאָטער. מעגסט מיר עפּעס דערציילן.

מאַטיס: דערציילן וועגן מיין פאָטער? וואָס זאָל איך דערציילן? וואָס ווילסטו איך זאָל דערציילן?

דאַוויד: האָסט מיר גאָרנישט צו דערציילן?

מאַטיס: פונקט יעצט? פונקט יעצט?

דאַוויד: מעגסט מיר איינמאָל דערציילן וועגן דיין טאַטע.

מאַטיס: יעצט קען איך גאָרנישט דערציילן. דערציילן נעמט צייט. אויף דער מינוט דערציילט זעך נישט. מ׳דאַרף ענדיקן מיט סאַפּער.

דאַוויד: אינטערעסירט דיך גאָרנישט צו דערציילן וועגן דיין אייגענעם פאָטער?

מאַטיס: נישט יעצט. יעצט קען איך גאָרנישט דערציילן.

דאַוויד: קענסט יעצט גאָרנישט דערציילן? (פּויזע) ווער ס׳האָט ליב געהאַט, קען דערציילן צו יעדער צייט. יעס פּאַ. אויב מען קען נישט דערציילן, האָט מען נישט ליב געהאַט.

מאַטיס: אַזוי גאָר? איך האָב נישט ליב געהאַט מיין טאַטע?

דאַוויד: אויב מען האָט ליב געהאַט, דערציילט מען. האָסט מיר נאָך קיינמאָל גאָרנישט דערציילט וועגן אָנקל אייזיק אין מעקסיקע.

מאַטיס: (שווייגט)

דאַוויד: דערצייל מיר עפּעס וועגן אָנקל אייזיק.

מאַטיס: כ׳האָב דיר געזאָגט איך קען יעצט גאָרנישט דערציילן.

איך קען נישט יעצט. אין דער מינוט געדענק איך גאָרנישט.

דאַוויד: געדענקסט יעצט גאָרנישט וועגן אָנקל אייזיק? געדענקסט גאָרנישט פון דיין אייגענעם ברידער?

מאַטיס: אויף דער מינוט געדענקט זעך נישט. עס געדענקט זעך נישט.

דאַוויד: אָקעי, אָקעי. ענטפער מיר יעצט אויף איין פראַגע: האָט דיין טאַטע געלעבט סעפּערעט?

מאַטיס? מיין טאַטע? ווער האָט געזאָגט מיין טאַטע האָט געלעבט סעפּערעט? ווער האָט עס געזאָגט?

דאַוויד: (שווייגט)

מאַטיס: ווער האָט עס געזאָגט? ווער האָט דיר איינגערעדט אַזעלכעס?

דאַוויד: מיר האָט מען איינגערעדט? דיין טאַטע האָט קיינמאָל נישט געלעבט סעפּערעט פון דיין מאַמע?

מאַטיס: וואָס איז היינט מיט דיר? רעדסט אַלץ פון האַלוצינאַציע. אַלץ איז גערעדט פון האַלוצינאַציע. וואָס איז געשען?

דאַוויד: איך רעד פון האַלוצינאַציע? איך רעד אַלץ פון האַלוצינאַציע?

מאַטיס: אַלץ פון האַלוצינאַציע. אַלץ פון האַלוצינאַציע.

דאַוויד: זאָג נישט איך רעד אַלעס פון האַלוצינאַציע. איך רעד פון רעאַליטי. פאַרשטייסט? איך רעד פון דעם וואָס געווען. איך ווייס נאָך ווי אַלט דו ביסט געווען ווען דיין טאַטע איז אַוועק פון דער היים. איך ווייס אַלעס. שלאָג נישט מיר אַריין אין רעדן.. איך האָב נאָך צו רעדן.

מאַטיס: וואָס איז היינט געשען מיט דעם באָי? ווער האָט דיר דערציילט מיין טאַטע איז אַוועק פון דער היים? ווער האָט דאָס אויסגעטראַכט אַזעלכעס?

דאַוויד: אויסגעטראַכט? זאָג מיר נישט — אויסגעטראַכט. גאָרנישט איז אויסגעטראַכט.

מאַטיס: איך זאָג — אויסגעטראַכט! הונדערט פּראָצענט — אויס־

געטראַכט!

דאַוויד: צו מיר איז אַלעס רעאַליטי! וואָס איך רעד, איז הונדערט פּרעצענט — רעאַליטי! יעס פּאַ! ווען דיין פּאָטער איז אַוועק פון דער היים, איז פּאַ געווען אַזוי גרויס. (ווייזט מיט דער האַנט) אַזוי גרויס איז פּאַ געווען. ביסט נאָך געווען אַ קינד. פּאַ איז נאָך געווען אַ בעיבי!

מאַטיס: וואָס רעדט דער באַי? מיין טאַטע איז אַוועק בין איך נאָך געווען אַ בעיבי? פון וועמען איז דער סאָרט אינפאָרמאַציע?

דאַוויד: אינפאָרמאַציע איז דאָס? דאָס איז אינפאָרמאַציע? נישט אינפאָרמאַציע און נישט האַלוצינאַציע! דאָס איז — עקספּיריענס. עקספּיריענס פון מיין אייגענעם לעבן. יע, יע. בין איך נישט געווען אַ קינד ווען פּאַ איז אַוועק פון מיין מאַמע? זעקס יאָר בין איך אַלט געווען. אפשר נאָך ייִנגער פון זעקס יאָר. אַזוי בין איך געווען. אַזוי גרויס. (ווייזט מיט דער האַנט) אַזאַ גרויסער מענטש בין איך געווען.

מאַטיס: (נאָך אַ פּויזע) קיין זאַך שטימט נישט. עס שטימט נישט, דעיוויד! ביסט שוין געווען עלטער. ביסט אַלט געווען אַכט יאָר. עלטער פון אַכט יאָר.

דאַוויד: אַכט יאָר, אָדער זעקס יאָר. וואָס איז די ביג דיפערענץ?

מאַטיס: ווער האָט דיר געזאָגט זעקס יאָר? פון וועמען איז דער סאָרט אינפאָרמאַציע?

דאַוויד: וואָס איז די ביג דיפערענץ זעקס יאָר, אָדער אַכט יאָר? וואָס איז די ביג דיפערענץ?

מאַטיס: אַלע אינפאָרמאַציעס זענען — פאַלטש. נישט עס שטימט וועגן זעקס יאָר, נישט עס שטימט מיין טאַטע איז אַוועק בין איך געווען אַ בעיבי. עס שטימט גאָרנישט!

דאַוויד: דו ביסט זיכער מיט דיין טאַטע איז אַלץ געווען פּערפעקט? און דו האָסט שטענדיק געהאַט אַ פּערפעקט היים?

מאַטיס: אַ פּערפעקט היים? וועלכער מענטש האָט דאָס אַ פּערפעקט היים? די גרעסטע מענטשן האָבן נישט געהאַט אַ פּערפעקט היים!

דאַוויד: (נאָך אַ פּויזע) דיין היים וואָלט געווען אָקעי, וואָלט אַלץ געווען אַנדערש. וואָלט אַלץ געווען אַנדערש.

מאַטיס: גלייבסט עס וואָלט געווען אַנדערש?

דאַוויד: אַזוי גלייב איך. איך גלייב קענסט נאָך אַלעס ענדערן.

מאַטיס: גלייבסט איך קען נאָך ענדערן? איך קען נאָך ענדערן?

דאַוויד: יע יע. לעבן סעפּערעט איז מערדער! איך האָב דיר צען מאָל געזאָגט: „דאָס לעבן סעפּערעט איז מערדער".

מאַטיס: מעגסט דאָס זאָגן נאָך צען מאָל! לעבן סעפּערעט, אָדער נישט סעפּערעט... פון אַלע זייטן איז מערדער!

דאַוויד: קענסט נאָך אַלץ ענדערן. איך זאָג קענסט נאָך ענדערן.

מאַטיס: מעגסט זאָגן איך קען ענדערן די וועלט! אָבער דאָס קען נישט געשען, דאַוויד. ס'איז צו שפּעט צו ענדערן... צו שפּעט. ס'איז צו שפּעט.

דאַוויד: זאָג דאָס נישט. זאָג נישט צו שפּעט. קענסט נאָך אַלעס ענדערן. דאַרפסט נאָר וועלן.

מאַטיס: דאָס קען נישט געשען.

דאַוויד: (שווייגט)

מאַטיס: דאָס קען נישט געשען, דאַוויד. דאָס קען נישט געשען. (נאָך אַ פּויזע) ווייסט גאָרנישט וועגן דער פרוי? האָסט געזען די פרוי? האָסט געזען, אָדער האָסט זי נישט געזען?

דאַוויד: כ'האָב געזען. כ'האָב געזען. (אָנווייזנדיק אויף דער פאָטאָ־גראַפיע) די פרוי געפעלט מיר נישט. זי קען דיר מאַכן פּלענטי טראָבל.

מאַטיס: די פרוי געפעלט דיר נישט? מיט דער צייט וועט זי דיר געפעלן. אַלץ מיט דער צייט.

דאַוויד: דו קלערסט ערנסט מיט דער פרוי? אויב קלערסט אַזוי, וועל איך נישט קומען צו דיר. וועסט מיך קיינמאָל נישט זען. קיינמאָל נישט!

מאַטיס: ענדיקסט באַלד קאָלעדזש, נאָר טראַכסט נאָך אַלץ נאַיוו. פונוואַנען נעמט זעך הייַנט אַזאַ נאַיווער קאָלעדזש באָי? אין יאָר 1968 אַזאַ נאַיווער קאָלדזש באָי?

דאַוויד: אָל ראַיט, אָל ראַיט. ביקאָז די פרוי געפעלט מיר נישט בין איך אַ נאַיווער באָי? איך געדענק האָסט מיר געזאָגט מיט

דער פרוי איז געענדיקט. האָסט געענדיקט מיט איר. אַזוי האָסט דו מיר געזאָגט.

מאַטיס: אַזוי האָב איך געזאָגט? ביסט זיכער? ביסט זיכער איך האָב דאָס געזאָגט?

דאַוויד: זיכער, זיכער. הונדערט פּראָצענט זיכער. האָסט מיר נאָך געזאָגט האָסט זי אַרויס געטריבן. האָסט מיר נאָך געוויזן ווי אַזוי האָסט אויפגעמאַכט די טיר און האָסט געשריגן: אַרויס! אַרויס! אַרויס!

מאַטיס: אַזוי האָב איך דערציילט? ביסט זיכער איך האָב דאָס דערציילט? (נאָכקלערנדיק) ס'איז אמת דאַוויד. ס'איז אמת. די פרוי האָב איך שוין אַרויס געטריבן אַ סך מאָל. ווען זי דענערווירט מיך טרייב איך זי אַרויס. אָבער נאָך יעדן מאָל אַרויס טרייבן ווערט מיר — שרעקלעך. יע יע דאַוויד. ס'איז שרעקלעך דאָס אַרויס טרייבן אַ פרוי און שרעקלעך דאָס בלייבן אַליין. דאָס בלייבן אַליין... האָט דאָס אַלץ מיין מאַמע פאַראויסגעזען? מיין שוועסטער זאָגט: „אונזער מאַמע האָט אַלץ פאַראויסגעזען מיט דרייסיק יאָר צוריק". האָט מיין מאַמע פאַראויס־געזען איך וועל טרייבן אַ פרוי? דערצו נאָך אַן אלמנה? די פרוי איז אַן אלמנה. דערצו איז זי נאָך אַ מאַמע פון קינדער. דו פאַרשטייסט דאַוויד? פאַרשטייסט וועמען איך טרייב? וועמען טרייב איך? (פויזע) דאָס אַלץ טויג נישט, דאַוויד. דאָס סאַמע ערגסטע איז וואָס כ'האָב מיך צוגעוויינט צו דער פרוי און צום טרייבן זי. איינמאָל טרייב איך. אַ צווייט מאָל טרייבט זי מיך. אָדער זי טרייבט, אָדער איך — טרייב. דערנאָך זענען מיר ווידער אָקעי. טיילמאָל זענען מיר אָקעי אַ פּאָר וואָכן. טיילמאָל אַ מאָנאַט... צוויי מאָנאַט... אַזוי שלעפּט זיך די געשיכטע. און אַזוי וועט זיך דאָס שלעפּן. האָט דאָס אַלץ מיין מאַמע פאַראויסגעזען נאָך מיט דרייסיק יאָר צוריק?

דאַוויד: דאַרפסט ענדיקן מיט דער פרוי. איך גלייב קענסט יאָ ענדיקן.

מאַטיס: גלייבסט איך קען ענדיגן?

דאַוויד: דאַרפסט נאָר וועלן. מיט וועלן, קען מען אַלעס. אַלעס.

מאַטיס: ניין ניין, דאַוויד. דאָס וועלן ענדיקן מאַכט נאָך ערגער.

נאָך קאָמפּליצירטער.

דאַוויד: דאַרפסט ענדיקן מיט דער פרוי.

מאַטיס: זאָגסט מיר ווידער דאָס זעלבע. צוואַנציק מאָל האָב איך געוואָלט. איך געדענק שוין נישט וויפל מאָל איך האָב געוואָלט ענדיקן. אָבער עס העלפט גאָרנישט. איך שריי און איך טרייב און באַלד צו־מאָרגנס קלינגט דער טעלעפאָן... טיילמאָל קלינגט זי נאָך דעם זעלבן אָוונט.

דאַוויד: טרייבסט זי אַרויס און זי קלינגט נאָך דעם זעלבן אָוונט? אַ פרוי מיט כאַראַקטער, קלינגט נישט דעם זעלבן אָוונט.

מאַטיס: זי קלינגט מיר און מיר רעדן ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. פאַרשטייסט?

דאַוויד: ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט?

מאַטיס: יאָ יאָ דאַוויד. מיר רעדן ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט.

דאַוויד: דאָס פאַרשטיי איך נישט. איך פאַרשטיי נישט אַזעלכעס.

מאַטיס: איך אַליין פאַרשטיי נישט. מיט דער פרוי איז מיר אַ גרויסע מיסטעריע. יע יע דאַוויד. מיט דער אלמנה האָב איך די גרעסטע מיסטעריע אין מיין לעבן.

דאַוויד: וואָס איז די מיסטעריע? וואָס מאַכט פאַ אַזאַ ביג מיס־טעריע? אָדער פאַ טרייבט, אָדער זי טרייבט! אָדער זי טרייבט, אָדער פאַ טרייבט! דערנאָך קלינגט דער טעלעפאָן. דערנאָך איז אַלעס אָקעי... אַ מאָנאַט, אָדער צוויי מאָנאַט, איז אַלעס אַזוי ווי גאָרנישט וואָלט פּאַסירט. וואָס איז די מיסטעריע?

מאַטיס: דאָס טאַקע איז די מיסטעריע. טאַקע דאָס. טאַקע דאָס ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט.

דאַוויד: (קוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע פון דער פרוי)

מאַטיס: גלייבסט נישט דאָס געשעט אַזוי? גלייבסט מיר גאָרנישט?

דאַוויד: איך גלייב. איך גלייב דאָס געשעט אַזוי. אָבער פאַרוואָס איז דאָס נישט אַזוי געשען מיט מיין מאַמע?

מאַטיס: מיט דיין מאַמע?

דאַוויד: מיט מיין מאַמע.

מאַטיס: (שווייגט)

דאַוויד: מיט אַ פרעמדער פרוי גייט אַלעס אַל ראַיט? ... אַלעס געשעט ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט? פאַרוואָס איז דאָס נישט אַזוי געשען מיט מיין מאַמע?

מאַטיס: לאָמיר ענדיקן מיט דעם סאַפּער. זעץ זיך צום טיש.

דאַוויד: זאָג מיר פאַרוואָס ווערט שטענדיק אַל ראַיט מיט אַ פרעמדע פרוי? און פאַרוואָס איז דאָס נישט אַזוי מיט מיין מאַמע? פאַרוואָס?

מאַטיס: לאָמיר ענדיקן סאַפּער. אָדער מיר ענדיקן סאַפּער, אָדער זאָג מיר אַ גוטע נאַכט!

דאַוויד: היינט גיי איך נישט אַוועק. היינט בלייב איך שלאָפן.

מאַטיס: קענסט היינט נישט בלייבן. קענסט נישט היינט שלאָפן ביי מיר.

דאַוויד: פאַרוואָס קען איך נישט בלייבן?

מאַטיס: (שווייגט)

דאַוויד: פאַרוואָס קען איך נישט בלייבן? איז דאָס אויך — מיסטעריע?

מאַטיס: איך האָב געזאָגט קענסט נישט היינט נעכטיקן ביי מיר. אָדער זעץ זיך צום טיש, אָדער זאָג מיר אַ גוטע נאַכט.

דאַוויד: איך גיי נישט היינט אַוועק. איך בלייב היינט שלאָפן. איך האָב מיט דיר פיל צו רעדן.

מאַטיס: נישט היינט, דאַוויד. מיר וועלן רעדן אַ צווייט מאָל. אַ צווייט מאָל. זאָג מיר אַ גוטע נאַכט.

דאַוויד: זאָג מיר נישט — אַ צווייט מאָל! אויב וועלן מיר נישט רעדן היינט, קען פּאַסירן אַ שרעקלעכע זאַך! פאַרשטייסט וואָס מיינט אַ שרעקלעכע זאַך?

מאַטיס: קען פּאַסירן אַ שרעקלעכע זאַך? (נאָך אַ פּויזע) זעץ זיך צום טיש וועלן מיר רעדן. זעץ זיך צום טיש. זעץ זיך צום טיש.

פאָרהאַנג

# דריטער אַקט

דאָס זעלבע צימער מיט דעם קאָרידאָר וואָס אין ערשטן אַקט.
פּעפּי גלעט אויף זיך אַ קלייד. ריטאַ רעדט אויפֿן טעלעפֿאָן.

ריטאַ: ער האָט גאָרנישט געזאָגט און ער האָט מיר גאָרנישט טעלעפֿאָנירט. דאָס מאַכט ער ספּעציעל. ער מאַכט דאָס ספּעציעל. איך קען מיין באָי. יאָ לענאַ. היינט האָב איך פיל צו ערלעדיקן. איך דאַרף נאָך היינט גיין צו מיין דאָקטאָר. (פּויזע) מיינסט ער איז געשלאָפֿן ביים פּאָטער? מיינסט ער איז דאָרט? ס׳איז אַלץ איינס. אין נאָך זעקס וואָכן גיי איך אַרויס פֿון דעם אַפּאַרטמענט.

(הענגט אויף דאָס טעלעפֿאָן טרייבל און נעמט אָבסערווירן
דאָס קלייד אויף פּעפּי)

ריטאַ: דאָס קלייד איז פּערפֿעקט, פּעפּי. כ׳האָב עטלעכע קליידער אַזעלכע.

פּעפּי: נאָך אַזעלכע קליידער?

ריטאַ: אַלע בעסטע קליידער זענען מיר ענג געוואָרן.

פּעפּי: ביקאָז דו ביסט אַביסעלע פֿעט, ריטאַ.

ריטאַ: דאָס בין איך אַזוי דאָס לעצטע יאָר. איך האָב געהאַט אַ מאָדעל פֿיגור.

פּעפּי: דו מאַכסט דיר צופֿיל זאָרג ביקאָז דעיוויד האָט נישט טעלעפֿאָנירט.

ריטאַ: דער באָי איז מיר אַ שונא. מיין ערגסטער שונא.

פּעפּי: דעיוויד איז אַ פֿיין באָי. אַזאַ פֿיין באָי.

ריטאַ: אך, אך!

פּעפּי: דאַרפסט הייראַטן. איך מיין דו דאַרפסט הייראַטן.

ריטאַ: די הייראַט ביזנעס, איז די שווערסטע ביזנעס.

פּעפּי: יע יע ריטאַ. איך גלייב דו קענסט נאָך צוריק גיין. איך גלייב קענסט נאָך צוריק גיין מיט דעיווידס פּאָטער.

ריטאַ: (גלעט אַרום דאָס קלייד אויף פּעפּי)

פּעפּי: עס פּאַסירט מען גייט צוריק. מיינס אַ קאַזין איז געשטאָנען סעפּערעט זעקס יאָר. און נאָך זעקס יאָר שטיין סעפּערעט... עס פּאַסירט אַזעלכעס.

ריטאַ: מיט מיר קען דאָס נישט פּאַסירן. דאָס קען קיינמאָל נישט פּאַסירן מיט מיר.

פּעפּי: זאָג דאָס נישט, ריטאַ. אויב דאָס פּאַסירט מיט אַנדערע, קען דאָס געשען מיט דיר.

ריטאַ: און מיט דיר פּעפּי?

פּעפּי: מיט מיר איז דיפערענט. מיט מיר איז דיפערענט.

ריטאַ: מיט מיר איז אויך דיפערענט.

פּעפּי: מיט יעדער פרוי איז דיפערענט. נאָר מיט מיר איז ספּעשל. מיט מיר איז אַלעס ספּעשל. דו ריטאַ קענסט נאָך צוריק גיין. דו קענסט נאָך הייראַטן. איך קען דאָס נישט, ביקאָז מיין באָי... פאַרשטייסט? וועלכער דזשענטלמען וועט גיין הייראַטן אַ מאַמע פון אַ טעראָריסט? (נאָך אַ פּויזע) פאַר מיר איז אַלעס דיפערענט ביקאָז מיין באָי אין ביקאָז איך האָב דאָס מזל פון מיין מאַמע. מיין מאַמע איז געקומען צו ניו יאָרק איז זי אַלט געווען אַכצן, אָדער זעכצן יאָר. און ביקאָז מיין מאַמע האָט געוואַשן פלאָרס ביי אַ משפחה און ביקאָז מיין מאַמע האָט געאַרבעט אין אַ דרעס שאָפּ און ביקאָז זי האָט נישט געהאַט צייט צו גיין אין סקול האָט זי נאָך געהאַט אַ פאַרקלאָפּט לעבן מיט מיין פאָטער. וואָלט איך געהאַט מזל וואָלט איך געלעבט אַ פיין פעמילע לעבן. אָבער מיט מיין פאַרקלאָפּט מזל שטיי איך סעפּערעט און איך האָב נאָך אַ באָי אַ טעראָריסט.

ריטאַ: יע יע.

פעפי: און דאָס שטיין אין סופּערמאַרק מאַכט מיך נערוועז. ספּעשל מאַכט מיך נערוועז דער טאָג ווען דער סופּערמאַרק איז געפּאַקט מיט קאָסטאָמער. אַלע סאָרטן כאַראַקטערס זעט מען אין סופּערמאַרק.

ריטאַ: יע פעפי. פאַראַן שווערע טעג אין סופּערמאַרק. (פּויזע) קענסט יעצט נעמען אַלע שמאַטעס!

(פּינטשיק מיט זימבאַל קומען אַריין. פּינטשיק טראָגט צוויי בײַטלען מיט אַ שטעקן. זימבאַל שטעלט טריט ווי ער וואָלט זיך עקזאַמינירט אין טאַנצן)

זימבאַל: ריטאַ איז אין דער היים? ריטאַ איז נאָך אין דער היים?

ריטאַ: אין דער היים. נאָך אין דער היים. וואָס איז דער פּראָבלעם?

זימבאַל: מיסטער פּינטשיק רעקאָמענדירט מיר אַ צימער. ער זאָגט ריטאַ גייט אַרויס פון דעם אַפּאַרטמענט.

ריטאַ: יעס מיסטער זימבאַל. אין אַ מאָנאַט אַרום ענדיק איך מיט דעם אַפּאַרטמענט. אַלץ ווערט ליקווידירט. (צו פעפי) קום וועל איך דיר געבן נאָך קליידער. אַלץ גייט צו ליקווידאַציע!

(פעפי נעמט אַ וואַליז פון דער סאָפאַ און גייט מיט ריטאַ טיפער אין קאָרידאָר. עס הערט זיך דער קלאַפּ פון אַ טיר. פּינטשיק שטעלט אַוועק די בײַטלען און אָבסערווירט ווי זימבאַל שטעלט טריט פון אַ טאַנץ)

פּינטשיק: (נאָך אַ פּויזע) וועגן דיר זימבאַל דערציילט מען פלעני געשיכטעס. מען דערציילט האָסט איבערגעלאָזט קינדער מיט ווייבער אין יענע לענדער. פאַרשידענע געשיכטעס דערציילט מען וועגן דיר.

זימבאַל: געשיכטעס אינטערעסירן מיך נישט. דו זאָג מיר אויב דאָס צימער איז אָקעי און אויב דאָס מעבל איז אָקעי?

פּינטשיק: דאָס צימער איז אָקעי און דאָס מעבל איז אָל ראַיט. אָבער וואָס איז די דיפערענץ? דיר איז אינגאַנצן געבליבן עטלעכע מאָנאַט צו לעבן, איז אַ דיפערענץ וועלכע מעבל?

זימבאַל: איך האָב ליב אַ ליכטיק צימער און איך האָב ליב שיין מעבל.

פינטשיק: מיט עטלעכע מאָנאַט צו לעבן?

זימבאַל: יע יע. מיט עטלעכע מאָנאַט צו לעבן, וויל איך וואָס מיר איז ליב.

פינטשיק: אָל ראַיט, אָל ראַיט.

זימבאַל: איך האָב ליב אַ יונגע לענד לעידי. ווי זעט אויס די לענד לעידי פון דעם צימער?

פינטשיק: די לעידי איז פיין. די לעידי איז מיין ווייב.

זימבאַל: אויב די לענד לעידי איז פינטשיקס ווייב, וועל איך נאָך איבער טראַכטן. (שטעלט טריט פון טאַנגאָ) איך וועל נאָך איבער טראַכטן.

פינטשיק: האָסט פרייהייט צו רעדן און פרייהייט צו איבער טראַכטן. מעגסט דאָס הערן זימבאַל. מעגסט דאָס הערן. (לייענט פון אַ פאַפיר)

אויסצוזען ווי אַ פרוי<br>
צו דענקען ווי אַ קאַוואַליר<br>
צו עקטן ווי אַ לעידי<br>
און צו שלעפן ווי אַ פערד

זימבאַל: צו עקטן ווי אַ לעידי און צו שלעפן ווי אַ פערד?

פינטשיק: שלעפן ווי אַ פערד איז אַ סימן אויף שלעכטע צייטן. מיר האָבן נאָך שלעכטע סימנים.

זימבאַל: מיר איז דאָס אַלץ איינס. מיר איז אינגאַנצן געבליבן עטלעכע מאָנאַט לעבן, אינטערעסירן מיך שלעכטע סימנים?

פינטשיק: אַלע שלעכטע סימנים זעט מען היינט אין סופערמאַרק. אין סופערמאַרק גייט כסדר אַרויף דער פרייז אויף זויער קרויט. דער פרייז אויף קאַשע איז אַרויף. אויב דער פרייז אויף קאַשע שלאָפט נישט, איז דאָס אַ סימן אויף מלחמה. אַ נייע מלחמה גרייט זיך ערגעץ אונטערוועגס.

זימבאַל: מיך אינטערעסירט דאָס נישט. זויער קרויט קויף איך נישט. קאַשע עס איך נישט. איך באַיקאָטיר קאַשע מיין גאַנץ לעבן.

פּינטשיק: באַיקאַטירסט קאַשע? און קאַרטאָפל? דער ראַדיאָ האָט געזאָגט ערגעץ גרייט זיך אַן ערד ציטערניש און פון דער ערד ציטערניש וועט אַרויף דער פּרייז אויף קאַרטאָפל.

זימבאַל: דאָס אַלץ אינטערעסירט מיך נישט. מיט מיינע עטלעכע מאַנאַט צו לעבן דאַרף איך נאָך קלערן וואָס ערגעץ גרייט זיך אַן ערד ציטערניש?

פּינטשיק: אָל ראַיט אָל ראַיט, זימבאַל. מיט דיינע עטלעכע מאַנאַט צו לעבן האָסטו נאָך פּלענטי אַמביציע: שטעלסט נאָך אויף יעדער לאָטערי. שטעלסט אויף פערד און פאָרסט נאָך זען דאָס געיעג פון פערד. טאַנצט מיט אַלע סאָרטן ווייבער און פאָרסט יעדן טאָג אין מאַנהעטן. מיט עטלעכע מאָנאַט צו לעבן פאָרט מען כמעט יעדן טאָג צו מאַנהעטן? פאָרסט צו ביזנעס?

זימבאַל: יע יע.

פּינטשיק: וואָס יע יע?

זימבאַל: איך האָב ליב מאַנהעטן און איך האַלט אַ דזשאַב אין מאַנהעטן. פּאַרט־טיים דזשאַב.

פּינטשיק: אַזוי? ער האַלט נאָך אַ דזשאַב? איך האָב געקוויט מיט אַרבעט און מיט אַ פּאָר מאָנאַט צו... צו... האַלט מען נאָך דזשאַבס?

זימבאַל: יע יע. איך האַלט אַ מעסענדזשער דזשאַב. פאַר דריי שעה אַרבעט, מאַך איך פיר דאָלאַר מיט אַכציק סענט.

פּינטשיק: קענסט רעדנטן ביי מיין ווייב אַ שיין צימער מיט פּלענטי קיטשן פּריווילעגיע. מיין ווייב וועט דיר געבן פּלענטי פרייהייט אין דער קיטשען.

זימבאַל: איך וועל נאָך איבער לייגן די גאַנצע זאַך. איך וועל נאָך רעדן מיט ריטאַ.

(פּינטשיק נעמט די בייטלען, קוקט מיט איראָניע אויף זימבאַל און גייט אַרויס. זימבאַל בלייבט שטיין פאַרקלערט. באַלד הערט זיך דאַווידס שטימע פון קאָרידאָר. עס דויערט אַ פּאָר מינוט ביז דאַוויד מיט ריטאַ קומען אַריין).

דאַוויד: אָל ראַיט, מאַ! מיר איז גאָרנישט!

ריטאַ: פאַרוואָס האָט מען נישט טעלעפאָנירט? פאַרוואָס האָט מען נישט טעלעפאָנירט?

דאַוויד: נישט אַזוי נערוועז, מאַ! רעד נישט אַזוי נערוועז!

ריטאַ: (פאָרשט אין זיינע אויגן)

דאַוויד: כ'האָב נאָך די זעלבע אויגן! מיינע אויגן זענען נאָך די זעלבע!

ריטאַ: קלינגסט הייזעריק און נישט אויסגעשלאָפן... פון וואָס איז מען הייזעריק?

דאַוויד: פון צופיל רעדן. איך רעד צופיל... (נעמט אַ טרינק) ווען איך בלייב אַ נאַכט מיט מיין טאַטע, רעד איך צופיל...

ריטאַ: (צו זימבאַל וועלכער קוקט אין נאָטיץ ביכל) אין זעקס וואָכן אַרום גיי איך אַרויס פון דעם אַפּאַרטמענט. איך וועל אַוועק פון דעם אַפּאַרטמענט. (צו דאַוויד) און דו יונגער מענטש וועסט גיין לעבן פריי!

דאַוויד: לעבן פריי! לעבן פריי! (צו זימבאַל) גלייב גאָרנישט וואָס מיין מאַמע רעדט. מיין מאַמע איז היינט נערוועז...

ריטאַ: אין דעם אַפּאַרטמענט האָב איך געהאַט ביטערע יאָרן... איך מוז אַוועק פון דעם אַפּאַרטמענט.

זימבאַל: קען איך מיטגיין מיט ריטאַ? קען איך מיטגיין אין דעם אַנדערן אַפּאַרטמענט?

ריטאַ: גייט אין אייער צימער, פליז! גייט אין אייער צימער!

(זימבאַל קוקט זיך אַרום און גייט לאַנגזאַם אַרויס)

ריטאַ: איך מוז אַוועק! איך מוז אַרויס פון דעם אַפּאַרטמענט!

דאַוויד: רעד נישט אַזוי! רעד נישט דו מוזט אַרויס! קענסט נאָך האָבן אַ סורפּרייז מיט אַ גאַסט. היינט קומט אַ גאַסט.

ריטאַ: איך דאַרף היינט גיין צו מיין דאָקטאָר. היינט גיי איך צו מיין דאָקטאָר.

דאַוויד: מעגסט פריער גרייטן אויפן טיש. אַ גאַסט קומט דאַרף עפּעס שטיין אויפן טיש.

ריטאַ: ווער איז דער גאַסט? ווער איז דאָס?

דאַוויד: דאָס וועט מאַ נאָך זען... מאַ מעג עפּעס שטעלן אויפן טיש.

ריטאַ: ווער איז דער גאַסט? איז דאָס דאָראַ?

דאַוויד: מאַ וועט אַלץ זען שפּעטער, אַלץ שפּעטער.

ריטאַ: איך וועל אַלץ זען שפּעטער?

דאַוויד: אַלעס שפּעטער. מאַ וועט אַלץ זען. (שלעפּט אַראָפּ דאָס טישטעך פון טיש) דאָס דאַרף גיין אין דער וואַש מאַשין. דער טיש דאַרף אויסזען לעבעדיק! דער טיש דאַרף אויסזען לעבעדיק!

ריטאַ: דער יונגער מענטש רעדט פון שלאָף!

דאַוויד: איך זאָג דאָס טישטעך דאַרף גיין אין דער וואַש מאַשין, רעד איך פון שלאָף?

ריטאַ: יאָ יאָ, יונגער מענטש! זעסט אויס נישט אויסגעשלאָפן! זעסט אויס שלעפעריק! מען זעט דאָס אין דיינע אויגן!

דאַוויד: אין מיינע אויגן? אין מיינע אויגן? (נעמט אַ האַנט־שפּיגל און קוקט) אין מיינע אויגן זעט מען איך רעד פון שלאָף?

ריטאַ: יאָ יאָ. (וואַרפט אים צו אַ טישטעך) איך גיי נעמען אַ שאַוער און איך דאַרף גיין צו מיין דאָקטאָר. כ'האָב נאָך צו ערלעדיקן.

דאַוויד: האָסט געזאָגט בלייבסט היינט אין דער היים. האָסט מיר נעכטן געזאָגט בלייבסט היינט אין דער היים.

ריטאַ: כ'דאַרף נאָך היינט צאָלן פאַר עלעקטרי. מען מוז היינט צאָלן פאַר עלעקטרי.

דאַוויד: די עלעקטריק קאָמפּאַני קען נאָך וואַרטן איין טאָג. אין דער דאָקטאָר אַנטלויפט נישט. צום דאָקטאָר קען מען גיין מאָרגן.

ריטאַ: זאָג מיר נישט מאָרגן! קוים צאָל איך נישט היינט, קענען מיר מאָרגן בלייבן אָן עלעקטרי!

דאַוויד: מאַ האָט צופיל מורא פאַר דער עלעקטריק קאָמפּאַני. וואָס האָט מען מורא? און פאַרוואָס גייט מאַ צו דעם זעלבן דאָקטאָר? אַ פאָר יאָר צו דעם זעלבן דאָקטאָר?

ריטאַ: (שווייגט)

דאַוויד: מעגסט איינמאָל גיין צו אַן אַנדער דאָקטאָר. אין ניו יאָרק לעבן נאָך דאָקטאָרס.

ריטאַ: איך האָב מיין דאָקטאָר. מיין נערוון דאָקטאָר איז אַ היימישער דאָקטאָר. פאַר אַ וויזיט צאָל איך נאָר מיט אַ טאָג אַרבעט אין סופער־מאַרקעט.

דאַוויד: פאַר אַ וויזיט צום דאָקטאָר אַרבעט מאַ אַ גאַנצן טאָג אין סופערמאַרקעט? צו מיר איז דאָס רויבעריי.

(הענרי קומט אַריין. ער איז 22 יאָר אַלט. ער האָט אַ באָרד מיט וואָנסעס. ער טראָגט געפלעקטע הויזן, אַ געפלעקטן רעקל און אַ ווייס היטעלע).

הענרי: אייער טעלעפאָן איז שטענדיק ביזי. ווען איך קלינג איז ביזי. מיר האָבן צוויי דזשאָבס, דעיווויד. צוויי קליינע דזשאָבס, האָבן מיר צו פינישן.

דאַוויד: צוויי דזשאָבס? מיר האָבן נאָר איין דזשאָב.

נערי: מיר דאַרפן היינט פינישן דעם דזשאָב ביקאָז מאָרגן האָב איך אַ מיטינג. מיר גייען מאַכן אייגענע ביזנעס.

ריטאַ: אייגענע ביזנעס?

הענרי: אייגענע ביזנעס. איך מיט נאָך צוויי באָיס גייען מאַכן אייגענע ביזנעס.

ריטאַ: וואָס מאַכן דיינע אויגן, הענרי?

הענרי: אַביסל אָקעי, אַביסל איז נישט אָקעי. איך דאַרף גיין צום אויגן ספּעשאַליסט.

ריטאַ: דאַרפסט גיין צום אויגן ספּעשאַליסט און טרייבסט נאָך אַ טעקסי? מיט דיינע אויגן טרייבט מען אַ טעקסי? עס קען געשען אַן עקסידענט.

הענרי: עקסידענט איז עקסידענט. האַ דעיוו?

דאַוויד: מיין מאַמע ציטערט פאַר עקסידענטס. נאָר עקסידענטס דאַכט זיך מיין מאַמע.

ריטאַ: נאָר מיר דאַכט זיך? נאָר איך ציטער? הענריס מאַמע ציטערט גאָרנישט? הענריס מאַמע זאָגט גאָרנישט? (צו הענרי) דיין

מאַמע זאָגט דיר גאָרנישט וואָס קען פּאַסירן ?

הענרי : מיין מאַמי ?

ריטאַ : דיין מאַמע זאָגט דיר גאָרנישט ?

הענרי : מיין מאַמי זאָגט מיר. ווען זי זאָגט, איז מיר נאָך האַלב שלעכט. גאַנץ שלעכט איז מיר ווען זי שרייט. ווען מיין מאַמי שרייט, לויף איך אַרויס אין גאַס. איך לויף מיט אַ ביטער האַרץ. יע יע ריטאַ ! ווען מיין האַרץ איז ביטער אויף מיין מאַמי און אויף מיין פּאָטער, גיי איך און איך טראַכט : ווער זענען זיי ? און וואָס מיינט דאָס אַ פּאָטער און וואָס מיינט אַ מאַמי ? אויב אַ באַי כאַפּט אַ מיידל און אויב דאָס מיידל האָט אַ בעיבי, איז זי אַ מאַמי, און דער באַי — אַ פּאָטער ? אויב מיינע עלטערן האָבן זיך געכאַפּט און זיי האָבן נישט געפינישד האַי סקול, זאָגן זיי מיר איך דאַרף פינישן קאָלעדזש ? וואָס יאָגן זיי מיט קאָלעדזש ? איך וועל נאָך גיין צוריק צו קאָלעדזש און איך דענק איך וועל נאָך מאַכן עקזאַמען אַלס אויגן דאָקטער ביקאָז פאַר אויגן דאָקטערס איז גרויסע צוקונפט... יע יע. אַמעריקע דאַרף פּלענטי אויגן דאָקטערס ביקאָז צוואַנציק יאָר שפּעטער וועט — יעדע פעמילע אין אַמעריקע — דאַרפן צום אויגן דאָקטער און יעדער סאָלדאַט אין אַמעריקע וועט טראָגן אויגן גלעזער... און מיט גלעזער אויף די אויגן איז דער סאָלדאַט אַ שלעכטער שיסער, ביקאָז ווען ער דאַרף שיסן, מוז ער פריער קאָנטראָ־לירן די גלעזער... רעד איך ריכטיק ?

דאַוויד : דענקסט נישט ריכטיק, הענרי. אויגן דאָקטער איז נישט פאַר דיר. פאַר דיר איז היסטאָרי, פאַר דיין כאַראַקטער איז נעמען היסטאָרי !

הענרי : היסטאָרי ?

דאַוויד : היסטאָרי פון דער וועלט !

הענרי : מיין כאַראַקטער איז פאַר היסטאָרי ? איך דאַרף גיין אין קאָלעדזש נעמען „היסטאָרי פון דער וועלט ?" איך האָב פּלענטי היסטאָרי פון מיין אייגן לעבן. איך האָב היסטאָרי פון מיין פּאָטער און היסטאָרי פון מיין פּאָטערס פּאָטער... זייער גאַנצע היסטאָרי איז — געהאַקטע צרות ! און מיין אייגן היסטאָרי איז — געהאַקטע צרות ! וואָס דאַרף איך

נאָך היסטאָרי פון דער וועלט? מיין מאַמי מאַכט יעדן טאָג פּלענטי היסטאָרי... מיין פאָטער האָט פּלענטי פון מיין מאַמי און איך וואַרט אויף דעם טאָג ווען מיין פאָטער וועט גיין לעבן סעפּערעט...

דאַוויד: דענקסט פאַלטש, הענרי.

הענרי: איך דענק פאַלטש? איך דענק פון מיין עקספּיריענס. פּרויען ווי מיין מאַמי דאַרפן נישט לעבן אין שטאָט. זיי דאַרפן גיין לעבן אויף אַ — אינזל. אויף אַ ווייט ווייט אינזל!

ריטאַ: זייער פיין הענרי. טראַכסט זייער פיין. מען דאַרף דיין מאַמע אַוועקשיקן אויף אַ ווייט אינזל.

הענרי: יעס יעס. אַזעלכע פּרויען ווי מיין מאַמי דאַרפן לעבן איזאָלירט... אַזעלכע פּרויען דאַרף מען איזאָלירן.

ריטאַ: און אַזעלכע מענער?

הענרי: אַזעלכע מענער דאַרפן אויך גיין... אָבער יעצט רעד איך וועגן מיין מאַמי. דו ריטאַ דאַרפסט הערן דאָס געשריי פון מיין מאַמי. ווען דו הערסט מיין מאַמי שרייט: אַ בראַך! אַ בראַך!

דאַוויד: שרייען איז אַ האָבי. מענטשן האָבן האָבי צו מאַכן געשריי. פאַראַן אַ קאַטאַלאָג מיט האָביס ביי מענטשן. מיין טאַטע האָט אַ האָבי מיט קאָרעספּאָנדענץ. ער שרייבט בריוו צו סענאַטערס. מיין טאַנטע האָט אויך אַ האָבי... מיין מאַמע האָט — בינגאָ... מיין מאַמע קען אויך מאַכן אַ געשריי. פּלענטי געשריי הער איך פון מיין מאַמע... האַ מאַ?

ריטאַ: איך גיי נעמען אַ שאַוער. (גייט אַרויס)

הענרי: מיין מאַמי איז אַ משוגענע. איך וואַרט דעם טאָג ווען מיין פאָטער וועט גיין לעבן סעפּערעט.

דאַוויד: דענקסט פאַלטש הענרי. וועסט דאָס זען שפּעטער.

הענרי: איך זע דיר איז גאָרנישט שלעכט. שלעפסט געלט פון דיין מאַמי און שלעפסט פון דיין פאָטער... צו יעדע צייט שטייט פאַר דיר אַ בעט אין דיין פאָטערס אַפּאַרטמענט. קענסט עסן אַ גרויסן סטעיק ביי דיין פאָטער. האָסט אַ שליסל צום אַפּאַרטמענט פון דיין פאָטער. וואָס איז דיר שלעכט? ווען איך האָב טראָאבל מיט מיין מאַמי, צו וועמען האָב איך צו גיין? ביי וועמען קען איך עסן סטעיק? ווער וועט מיר

געבן סטעיק? מיר וועט מען געבן — געהאַקטע צרות! (פּויזע) וואָס נאָך האָב איך געוואָלט זאָגן? ווען גייען מיר פינישן די צוויי דזשאָבס?

דאַוויד: מיר האָבן נאָר איין דזשאַב צו פינישן. איך האָב געזאָגט איין דזשאַב.

הענרי: מירביידע קענען רענטן אַן אַפּאַרטמענט. פאַרשטייסט? אַפּאַרטמענט איז ביליגער פון האָטעל און האָסט קאָמפּלעטע פרייהייט צו מאַכן פּאַרטיס. פאַרשטייסט וואָס איך מיין?

דאַוויד: (שווייגט)

הענרי: ביז מיין פאָטער דעצידירט מיט גיין סעפּערעט, קענען מיר רענטן אַן אַפּאַרטמענט.

(לענא קומט אַריין. הענרי כאַפּט זי אַרום)

הענרי: וואָס מאַכסט דו טאַנטע? וואָס מאַכסט דו?

לענאַ: פיין, פיין. אַלץ פיין.

הענרי: אַלעס אָל ראַיט? מאַכסט אַלעס פיין?

לענאַ: אַלץ אָל ראַיט. אַלץ פיין. און דו הענרי? ווי גייט עס מיט דיינע דזשאָבס?

הענרי: (ענטפערט מיט הענט זשעסטיקולאַציע).

לענאַ: וואָס מאַכט דיין מאַמי?

הענרי: פרעג נישט.

לענאַ: דיין פאָטער אַרבעט נאָך אין פּאָסט אָפיס?

הענרי: מיין פאָטער אַרבעט אין פּאָסט אָפיס און מיין מאַמי זיצט יעדע נאַכט אין אַ בינגאָ קלאַב...

לענאַ: און דו טרייבסט אַ טעקסי?

הענרי: יע טאַנטע. איינמאָל טרייב איך אַ טעקסי. אַ צווייט מאָל שלעפּ איך קאָקאָ קאָלאַ פון אַ טראָק. מיר גייען רענטן אַן אַפּאַרטמענט, איך מיט דעיוו.

לענאַ: רענטן אַן אַפּאַרטמענט?

הענרי: איך מיט דעיוו גייען רענטן אַן אַפּאַרטמענט. פאַר מיר

מיט דעיוו איז אַפּאַרטמענט די בעסטע אידעי.

לענאַ: די אידעי געפעלט מיר נישט.

הענרי: עס וועט דיר געפעלן, טאַנטע! וועסט זען עס וועט דיר געפעלן ווען דעיוו וועט דיך נעמען צו פּאַרטיס אין אונזער אַפּאַרטמענט.

לענאַ: די גאַנצע אידעי איז פאַלטש. באַיס מיט אַפּאַרטמענטס בלייבן בעטשלער. דו הענרי ווילסט בלייבן אַ בעטשלער?

הענרי: בלייבן בעטשלער איז נישט לעגאַל? איך דענק ס׳איז לעגאַל און איך דענק ס׳איז גאָרנישט אַזוי שלעכט. האַ דעיוויד?

לענאַ: דאָס ערגסטע איז בלייבן בעטשלער. דו הענרי האָסט מיר געזאָגט האָסט אַ פיין מיידל.

הענרי: זיכער האָב איך אַ פיין מיידל. דעיוויד האָט אויך אַ פיין מיידל. אַלע מיידלעך זענען פיין. אַלע זענען אָקעי. שפּעטער ווערן זיי גאַנצע ווייבער און זיי מאַכן ביג טראָבל... איך זע אַלעס פון מיין פאָטער מיט מיין מאַמי...

לענאַ: זעסט שלעכט הענרי. נישט אַלע מיידלעך ווערן גאַנצע ווייבער און נישט אַלע ווייבער מאַכן ביג טראָבל.

הענרי: אַזוי מיינט טאַנטע. איך מיין פאַרקערט.

לענאַ: וואָס דו מיינסט, איז נאָך נישט אַלץ.

הענרי: אָקעי טאַנטע! וואָס איך מיין איז נישט אַלעס. און וואָס טאַנטע זאָגט, איז יאָ אַלעס?

לענאַ: וואָס איך רעד, איז ריכטיג. נישט אַלע מיידלעך ווערן גאַנצע ווייבער און בלייבן אַ בעטשלער איז דאָס ערגסטע... בלייבן אַ בעטשלער איז דאָס ערגסטע.

הענרי: אָקעי טאַנטע! אָקעי! פון רעדן פילאָזאָפיע קען איך נישט מאַכן איין סינגל דאָלאַר. טאַנטע פאַרשטייט? איך מאַך אַ דאָלאַר פון אַרבעט. האָב אַ גוט יאָר טאַנטע! (גייט און קערט זיך צוריק) רעד נישט אויף מיר שלעכטס, טאַנטע! איך מיט דעיוויד וועלן רענטן אַ שיינעם אַפּאַרטמענט און מיר וועלן דיך נעמען צו אַלע פּאַרטיס אין אונזער אַפּאַרטמענט. (גייט אַרויס)

לענאַ: רענט נישט מיט קיינעם אַפּאַרטמענטס און טראַכט נישט

וועגן גיין אין אַ האָטעל. הערסט דעוויד? האָטעל איז נישט פאַר דיר. האָטעל מיט אַפּאַרטמענטס איז נישט פאַר דיר.

דאַוויד: נישט פאַר מיר?

לענאַ: דער בעסטער האָטעל איז ביי דער מאַמע. אין דער היים איז דער בעסטער האָטעל.

דאַוויד: טאַנטע זאָגט מיר שטענדיג איך בין נאַיוו. אָבער דו ביסט אויך נאַיוו. ביסט נאָך פלענטי נאַיוו.

לענאַ: איך בין פלענטי נאַיוו? מיט וואָס בין איך אַזוי? מיט וואָס?

דאַוויד: טאַנטע רעדט אַלץ נאַיוו וועגן מיין מאַמע. מאַ מאַכט ראנדעוווס מיט אַ באַי פרענד און דו זאָגסט נאָך: דער בעסטער האָטעל איז ביי דער מאַמע. (זאָגט איר עפּעס אויפן אויער) יע יע, מעגסט גלייבן. ווען מאַ האָט אַ ראַנדעווו, זאָגט זי מיר זי גייט צום דאָקטאָר.

לענאַ: (נאָך אַ פּויזע) שפּיאָנירסט נאָך דער מאַמע?

דאַוויד: דאָס וואָס איך האָב געזאָגט איז נישט אַלץ... ס׳איז נאָך מיט נאָך.

לענאַ: (שווייגט)

דאַוויד: מאַמעס באַי פרענד האָט נאָך אַ ווייב. אַ ווייב מיט צוויי באָיס... גלייבסט נישט? גלייבסט מיר נישט?

לענאַ: איך גלייב דיר.

דאַוויד: די באָיס קען איך פון האַי סקול. גלייבסט דאָס? גלייבסט?

לענאַ: איך גלייב דיר.

דאַוויד: דאָס איז נאָך אויך נישט אַלץ. ס׳איז נאָך. ס׳איז נאָך. ער איז מענעדזשער פון סופּערמאַרקעט.

לענאַ: מענעדזשער פון סופּערמאַרקעט?

דאַוויד: (שוויגט)

לענאַ: ביסט זיכער ס׳איז דער מענעדזשער? (פּויזע) ביסט זיכער דיין מאַמע מאַכט ראַנדעוווס מיטן מענעדזשער פון סופּערמאַרקעט? אפשר דאַכט זיך דיר ס׳איז דער מענעדזשער?

דאַוויד: איך זאָג דער מענעדזשער פון סופּערמאַרקעט, זאָגסט דו: „אפשר דאַכט זיך מיר?"

לענאַ: שפּיאָנירסט דער מאַמע? ווער שפּיאָנירט אַן אייגענע מאַמע?

דאָוויד: (שווייגט)

לענאַ: אַ זעלבשטענדיקער באַי שפּיאָנירט נישט אַן אייגענע מאַמע. איך האָב געמיינט ביסט שוין זעלבשטענדיק.

דאָוויד: טאַנטע רעדט פּילאָזאָפּיע.

לענאַ: איך רעד פּילאָזאָפּיע?

דאָוויד: יע יע. טאַנטע קלינגט יעצט מיט פּילאָזאָפּיע.

לענאַ: (לאַכט) ווייל איך זאָג אַ זעלבשטענדיקער באַי שפּיאָנירט נישט אַן אייגענע מאַמע, קלינג איך מיט פּילאָזאָפּיע?

דאָוויד: צו מיר קלינגט דאָס אַזוי.

לענאַ: אָל ראַיט דאָוויד. איך קלינג צו דיר מיט פּילאָזאָפּיע, אָבער דו מעגסט שוין קלינגען זעלבשטענדיק! דיין מאַמע האָט אַלע רעכט צו האָבן אַ ראַנדעוווּ. זי האָט אַלע רעכט.

דאָוויד: אַלץ פּילאָזאָפּיע! טאַנטע רעדט היינט אַלץ פּילאָזאָפּיע!

לענאַ: ווייל איך זאָג דיין מאַמע מעג האָבן אַ ראַנדעוווּ, רעד איך אַלץ פּילאָזאָפּיע?

דאָוויד: וועגן דעם באַי פרענד איז נאָך עפּעס. נאָך נישט אַלץ האָב איך דערציילט.

(פּויזע)

דאָוויד: דער באַי פרענד איז דאָראָס משפחה. ער איז דאָראָס אַנקל... פאַרשטייסט וואָס מיינט דאָראָס אַנקל מיט מיין מאַמע? פאַרשטייסט דאָס?

לענאַ: ביסט זיכער דער מענעדזשער איז מאַמעס באַי פרענד? אפשר דאַכט זיך דיר?

דאָוויד: איך קען היינט נישט רעדן מיט דיר! איך זאָג ער איז דאָראָס משפחה, ער איז דאָראָס אַנקל, און טאַנטע זאָגט ווידער „אפשר דאַכט זיך מיר?“ — מיר דאַכט זיך טאַנטע איז נישט געשלאָפן. האָט טאַנטע די נאַכט געאַרבעט אין האָספּיטאַל?

לענאַ: כ'האָב געאַרבעט. געאַרבעט.

דאָוויד: פון דעם רעדן זע איך האָסט געאַרבעט באַנאַכט. און ווייסט וואָס פּאַ זאָגט אויף דיר? פּאַ זאָגט דאָס אַרבעטן אין האָספּיטאַל האָט

דיך גׄעמאַכט פאַר אַן אַלקאָהאָליק. דאָקטוירס פון האָספּיטאַלס זענען אויך אַלקהאָליקס. אַזוי זאָגט פאַ.

לענאַ: אַזוי זאָגט דיין טאַטע? דיין טאַטע קען זאָגן נאָך מיט נאָך. וואָס נאָך האָט ער געזאָגט?

דאַוויד: פאַרגעס וואָס פאַ האָט געזאָגט. ווען מיין טאַטע ווערט אין כעס, זאָגט ער אַ סך נאַרישקייט. (פּויזע) נאָך ערגער איז מיט מיין מאַמע... מאַ האָט מיר נאָך גאָרנישט דערציילט פון אירע עלטערן. ווּעלכע מאַמע דערציילט נישט?

לענאַ: מיר דאַכט זיך דיין מאַמע געדענקט גאָרנישט אירע עלטערן. זי געדענקט זיי גאָרנישט...

דאַוויד: זי דערציילט מיר גאָרנישט פון איר אייגן לעבן... איין סינגל זאַך האָט זי מיר נישט דערציילט. אַנדערע מאַמעס דערציילן...

לענאַ: דיין מאַמע דערציילט נישט ווייל זי האָט צופיל צו דערציילן... ווער ס'האָט צופיל שלעכטס צו דערציילן, דערציילט נישט... פאַרשטייסט?

דאַוויד: אַנדערע מאַמעס דערציילן אַלץ.

(ריטאַ קומט אַריין אין אַ שלאַפראָק. איר קאָפּ איז אַרומגענו־מען מיט אַ ווייס האַנטעך)

ריטאַ: כ'האָב געהערט. כ'האָב געהערט. דער יונגער מענטש דאַרף אַן אַנדער מאַמע! אַן אַנדער מאַמע! אויב די מאַמע געפעלט נישט, גייט מען אין סופּערמאַרקעט און מ'קויפט אַ מאַמע!

דאַוויד: יע יע לעידי! מעגסט מיר גלייבן איך דאַרף אַן אַנדער מאַמע! כאָטש אויף אַ פּאָר יאָר!

ריטאַ: אַן אַנדער מאַמע אויף אַ פּאָר יאָר? היינט דאַכט זיך דיר אַזוי וועגן דער מאַמע, וועסט האָבן אַ ווייב, וועט זיך דיר דאַכטן דאַרפסט אַן אַנדער ווייב אויף אַ פּאָר יאָר! אַזוי קען דאָס געשען!

דאַוויד: זיכער קען אַזוי געשען! אַלעס קען געשען! און ווייסט וואָס נאָך איך טראַכט און וואָס קען נאָך געשען צוואַנציק יאָר שפּעטער?

ווייסט וואָס איך זע אין מיין לעבן? צוואַנציק יאָר שפּעטער קען פּאַסירן איך וועל לעבן אַזוי ווי מיין טאַטע לעבט. מעגסט גלייבן דאָס קען פּאַסירן. מיין עקס ווייב וועט האַלטן אַ דזשאָב אין אַ סופּערמאַרקעט, אָדער אין אַ בעקערי, און זי וועט גיין צו בינגאָ און זי וועט מאַכן סיקרעט ראַנדעוווס. סיקרעט ראַנדעוווס וועט זי מאַכן, ביקאָז, זי וועט האָבן אַ טאָכטער אָדער אַ באָי אין הויז. און צו מיר, אין מיין אַפּאַרטמענט, וועט קומען אַן אלמנה אָדער אַן אַנדער סאָרט. אויב אַן אלמנה, וועט דאָס זיין אַ מאַמע פון קינדער. יע יע. אין מיין אַפּאַרטמענט וועט קומען אַן אלמנה און ווען זי וועט מיך אויפרעגן, וועל איך זי אַרויסטרייבן. איך וועל אויפמאַכן די טיר און איך וועל מאַכן אַ געשריי: אַרויס! אַרויס! אַזוי קען דאָס געשען.

לענאַ: מאַכסט דיר שיינע פאַנטאַזיעס, דאַוויד. פאַרוואָס שטעלסטו דיר פאָר צו טרייבן אַן אלמנה?

דאַוויד: אַזוי קען דאָס פּאַסירן! אין צוואַנציק יאָר אַרום קען דאָס פּאַסירן!

ריטאַ: דער יונגער מענטש האָט פון וועמען צו לערנען. ער קלערט שוין וועגן אַרויסטרייבן אַ פרוי!

לענאַ: אַזעלכע פאַנטאַזיעס געפעלן מיר נישט. דאָס זענען באַר־באַרישע פאַנטאַזיעס! (צו לענאַ) כ׳זע טראָגסט נייע אוירינגלעך. די אוירינגלעך האָב איך קיינמאָל נישט געזען.

דאַוויד: (קוקט אויך אויף די אוירינגלעך) איך מעג שווערן דאָס זענען אוירינגלעך פון אַ באָי פרענד. האַ מאַ? האָסט אַ באָי פרענד און זאָגסט מיר גאָרנישט? (צו לענאַ) זי דערציילט מיר נאָר פון טראָבל. נאָר פון סופּערמאַרק טראָבל מיט קאַסטאָמער. נאָר דאָס דערציילט זי מיר.

ריטאַ: וועלכע מאַמע דערציילט פון באָי פרענדס? וועלכע מאַמע האָט דאָס באָי פרענדס?

דאַוויד: מאַמעס האָבן באָי פרענדס און מאַמעס דערציילן. אויב אַ מאַמע דערציילט גאָרנישט, מיינט דאָס עפּעס... איז עפּעס נישט לעגאַל...

ריטאַ: אַזוי? ס׳איז נישט לעגאַל? הערסט לענאַ? האָבן אַ באָי

פרענד, איז נישט לעגאַל! דער יונגער מענטש איז גערעכט. (זי שלאָגט אים איבער דער האַנט פאַר אָנרירן אַן אוירינגל)

דאַוויד: יע יע, לעידי! איך בין גערעכט און מעגסט עפּעס שטעלן אויפ׳ן טיש. באַלד קומט דער גאַסט. דער טיש דאַרף אויסזען לעבעדיק! אַ גאַסט האָט ליב אַ לעבעדיקן טיש! (שטעלט אויפן טיש אַ טאַץ מיט גלעזער און מיט פלעשער סאָדאַ) אַזוי זעט אויס דער טיש לעבעדיק! אַזוי זעט אויס אַביסל לעבעדיק! וואָס דאַרפט מען נאָך אויפן טיש?

ריטאַ: מיך אינטערעסירט נישט דער טיש. כ׳האָב דיר געזאָגט איך דאַרף אַוועק גיין. איך דאַרף גיין צום דאָקטאָר און איך דאַרף באַצאָלן פאַר עלעקטרי.

דאַוויד: מאַ גייט נישט היינט. היינט קען עפּעס פאַסירן. וויכטיקע נייעס קען היינט פאַסירן.

ריטאַ: דער יונגער מענטש רעדט פון שלאָף.

דאַוויד: יע יע לעידי. היינט קען עפּעס פאַסירן. נאָך היינט קען מאַ אַלעס ענדערן. אַלעס קען ווערן אָקעי.

ריטאַ: וואָס רעדט ער? וואָס רעדט ער?

דאַוויד: קענסט נאָך אַלץ ענדערן און זאָג מיר נישט איך רעד פון שלאָף.

ריטאַ: (קוקט אין האַנט־שפּיגל)

דאַוויד: מעגסט גלייבן קענסט נאָך אַלץ ענדערן. דאַרפסט נאָר וועלן, קען נאָך אַלעס ווערן אָקעי מיט מיין טאַטע...

ריטאַ: וואָס רעדט ער? (קוקט אין שפּיגל און נעמט אַראָפּ דאָס האַנטעך פון קאָפּ) וואָס רעדט ער?

דאַוויד: יעס לעידי. אַלץ קען ווערן אַל ראַיט...

ריטאַ: (קוקט אין האַנט שפּיגל) מיט דיין טאַטע איז גאָרנישט צו ענדערן. איך בין אפילו נישט אינטערעסירט.

דאַוויד: (צו לענא) טאַטע הערט? זי איז נישט אינטערעסירט? (צו דער מוטער) דיר דאַכט זיך ביסט נישט אינטערעסירט! עס דאַכט זעך דיר!

ריטאַ: מיר דאַכט זעך? מיר דאַכט זעך?

דאָוויד: יע יע לעידי! קענסט היינט אַלעס ענדערן... היינט איז דער טאָג... (דערלאַנגט איר אַ בריוו) לעז דעם בריוו. איך האָב פאַרגעסן אין דעם בריוו.

ריטאַ: (וואַרפט דעם בריוו אויפן טיש)

דאָוויד: מעגסט לעזן דעם בריוו. פּאַ האָט געשריבן דעם בריוו... שפּעט אין דער נאַכט איז ער געזעסן און געשריבן.

ריטאַ: איך וויס. (כאַפּט דעם בריוו און צעררייסט) ער פלעגט שטענדיג זיצן שפּעט אין דער נאַכט מיט קלאַפּן בריוו צו סענאַטאָרס... צו קאָלעגן... אפילו צו שכנים...

דאָוויד: פלענטי מענטשן שרייבן בריוו צו סענאַטאָרס און צום קאָנגרעס.

ריטאַ: דערצייל מיר נישט וועגן פלענטי מענטשן.

דאָוויד: שרייבן בריוו איז אַ האָבי. מאַ פאַרשטייט וואָס מיינט האָבי? דו מאַ, האָסט אויך אַ האָבי!

ריטאַ: פאַרטיידיקסט דיין טאַטנס האָבי? דיין טאַטעס האָבי איז עגאָאיזם! עגאָאיזם מיט עגאָאיסטישע פרייהייט!

דאָוויד: מאַ רעדט יעצט פילאָזאָפיע. יעס יעס! וואָס מישט מאַ האָבי מיט עגאָ־איסטיש פרייהייט? פרייהייט איז נישט אַ האָבי! פרייהייט איז אַ אידעי! פאַר דער אידעי האָבן מענטשן געמאַכט רעוואָלוציעס! אַלע סאָרטן רעוואָלוציעס! יע יע, לעידי!

ריטאַ: דו יונגער מענטש דערצייל מיר נישט וואָס מענטשן האָבן געמאַכט! אַזעלכע עגאָאיסטן ווי דיין טאַטע האָבן נישט געמאַכט רע־וואָלוציעס פאַר פרייהייט!

דאָוויד: מאַ רעדט פילאָזאָפיע! מאַ איז אַ פילאָזאָף!

ריטאַ: איך בין אַ פילאָזאָף? (לאַכט) איך רעד פילאָזאָפיע?

דאָוויד: אויף איין מינוט איז מאַ אַ פילאָזאָף! אויף איין מינוט רעדט מאַ פילאָזאָפיע... דערנאָך רעדט מאַ אַ סך נאַרישקייט. דאַרפסט ענדיקן מיט מאַכן ראַנדעוווס.

ריטאַ: הערסט לענאַ? דו הערסט וואָס ער זאָגט? (צו דאָוויד) איך דאַרף ענדיקן ראַנדעוווס? אויב איך וועל נישט ענדיקן?

דאַוויד: וועסט יאָ ענדיקן! איך זאָג וועסט יאָ ענדיקן! איך קען דיך צווינגען, פאַרשטייסט?

ריטאַ: קענסט מיך צווינגען? מיט וואָס? מיט וואָס?

דאַוויד: מיט אַ סקאַנדאַל! איך קען מאַכן אַ ביג, ביג סקאַנדאַל וועסט נישט ענדיקן מיט דעם מענעדזשער!

ריטאַ: וואָס רעדט ער? וועלכער מענעדזשער איז מיין באַי פרענד? וועלכער מענעדזשער?

דאַוויד: ער איז דאָראָס אָנקל. פאַרשטייסט? פאַרשטייסט וואָס דאָס מיינט: דאָראָס אָנקל מיט מייַן מאַמע?

ריטאַ: דער באַי רעדט פון האַלוצינאַציע! (צו לענאַ) וואָס זאָגסטו צו דעם באַי?

דאַוויד: איך רעד פון האַלוצינאַציע? איך רעד פון האַלוצינאַציע?

ריטאַ: יע יע! וועלכער מענעדזשער איז מיין באַי פרענד? וועלכער מענעדזשער?

דאַוויד: איך רעד פון האַלוצינאַציע? איך זאָג עס קומט אַ גאַסט, רעד איך פון שלאָף? איך זאָג האָסט אַ באַי פרענד, ער איז דאָראָס אָנקל, איז דאָס — — האַלוצינאַציע? (צו לענאַ) ווען איך זאָג דעם אמת, זאָגט זי מיר איך רעד פון שלאָף... יעצט זאָגט זי איך רעד פון האַלוצינאַציע! (צו מאַטיס וועלכער קומט אַריין) ביסט געקומען צו דער ריכטיקער מינוט, פאַ! איך האָב יעצט גערעדט דו קומסט! (אָנווייזנדיק אויף לענאַ) די לעידי איז מיין טאַנטע! און די לעידי, די שיינע לעידי, איז מיין מאַמע! (צו דער מוטער אָנווייזנדיק אויף מאַטיס) דער דזשענטלמען איז מיין טאַטע. פיל זעך פריי פאַ! פיל זעך פריי! ביסט געקומען אין דער ריכטיקער צייט! (צו ריטאַ) איך האָב געזאָגט היינט קומט אַ גאַסט, האָסט דו געזאָגט: איך רעד פון שלאָף. וואָס זאָגסט דו יעצט?

ריטאַ: דער גאַסט איז נישט מיין גאַסט.

דאַוויד: פאַ איז אונזער גאַסט. אונזער גאַסט.

ריטאַ: איך בין נישט אינטערעסירט.

דאַוויד: דאָס דאַכט זיך דיר! מאַ איז יאָ אינטערעסירט! (נעמט זי אַרום) רעד אַ וואָרט מאַ. רעד עפּעס. זאָג אַ לעבעדיק וואָרט! אַ גאַסט

האַט ליב אַ לעבעדיק וואָרט! (צום פאָטער) זאָג אויך אַ וואָרט, דזשענ־טעלמען! מאַ וויל הערן אַ פיין וואָרט! (גלעט דעם פאָטערס פּלייצע) רעד רעד, דזשענטלמען! זאָג העללאָ צו מאַ. פרעג וואָס זי מאַכט. שעם זיך נישט פּאַ. מעגסט געבן מיין מאַ אַ ביג קיס! מאַ וואַרט אויף אַ ביג ביג קיס!

ריטאַ: דער באַי רעדט פון שלאָף.

דאַוויד: הערסט פּאַ? הערסט וואָס זי זאָגט? מאַ זאָגט איך „רעד פון שלאָף". ווייז איר איך רעד נישט פון שלאָף. נעם זי אַרום און גיב איר אַ ביג קיס!

ריטאַ: מיך דאַרפט מען נישט קיסן! איך וואַרט נישט אויף קיינעמס קיס! איך גיי יעצט צו מיין דאָקטאָר.

דאַוויד: הער גאָרנישט וואָס זי זאָגט! נעם זי אַרום און גיב איר אַ ביג קיס! האָסט זי נישט געקיסט פלענטי יאָר. (צו דער מוטער) וויפל יאָר שוין פּאַ האָט דיך נישט געקיסט? וויפל יאָר איז שוין אַוועק? האַ? (זי גייט צו דער קיך. ער פאַרשטעלט איר דעם וועג) נאָך אַזוי פיל יאָר האָט מאַ גאָרנישט צו פרעגן? פרעג עפּעס. (צום פאָטער) און דו? דו האָסט אויך גאָרנישט צו פרעגן? רעד אַ וואָרט! רעד, רעד רעד! (צו לענאַ) וואָס איז מיט די מענטשן? טאָנטע פאַרשטייט זיי? איך פאַרשטיי זיי נישט.

לענאַ: יאָג זיי נישט מיט רעדן, דאַוויד. זיי וועלן נאָך רעדן...

דאַוויד: איך פאַרשטיי נישט אַזעלכע מענטשן... זיי זענען צוויי כאַראַקטערס...

לענאַ: האָסט ריכטיק געזאָגט... זיי זענען צוויי כאַראַקטערס און זיי דאַרפן אַלץ אָנהייבן אויפסניי... זיי דאַרפן זיך אויפסניי געפעלן... מ'דאַרף זיי לאָזן אַליין...

(דאַוויד קוקט אויף די עלטערן ביז לענאַ נעמט אים ביי אַ האַנט און גייט מיט אים אַרויס)

פאָרהאַנג

# דער שרעקלעכער מענטש

מיין מיליטער דינסט אין דער פוילישער אַרמעי האָב איך דורכ־געמאַכט צוזאַמען מיט מיין קאָלעגע נאַטאַן ראַקאָטש. מיר זענען געווען זעלנער אין אַ פרעמדער שטאָט און יעדעס מאָל ווען מיר האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצוגיין פון דער קאַזאַרמע, זענען מיר אַוועק צו אונזער בן־עיר עוזר שאַפּניק.

אין דער היים ביי עוזר שאַפּניק האָבן מיר שטענדיק געטראָפן עוזרס יונגע שוועגערין רוכטשע מיט אַ גרופּע יונגע פרויען. די פרויען זענען געזעסן אַרום אַ טיש און געשפּילט דאָמינאָ מיט עוזרס ווייבל. עוזר האָט געפירט טיש מיט די מענער פון די פרויען און כאָטש די מענער האָבן שוין געוווּסט ווער מיר זענען, דאָך פלעגט עוזר אויפסניי אונז פאָרשטעלן פאַר זיי.

עוזר שאַפּניקס פּרנסה איז געווען בוכאַלטעריע אָבער צו דער בוכאַלטעריע, האָט ער זיך נאָך פאַרנומען מיט מעקלעריי און פאַר אייגענעם געברויך האָט ער פאַבריצירט פּאַפּיראָסן וואָס אַלע געסט האָבן פאַרשווענדעריש גערויכערט. איך מיט נאַטאַן ראַקאָטש האָבן זיך אויך נישט געזשאַלעוועט דאָס שלעפּן עוזרס פּאַפּיראָסן. דערצו פלעגט עוזר אונז באַך באַזאָרגן מיט פּאַפּיראָסן אין דער קאַזאַרמע אַריין. עוזר פלעגט אויך אַכטונג געבן אַז זיין פרוי אָדער זיין יונגע שוועגערין רוכטשע, זאָל אונז זעלנער ריכטיק מכבד זיין... אָבער דאָס מכבד זיין, וואָס עוזר האָט אַזוי אָפּגעהיטן, איז פאַר אונז זעלנער נישט געווען דאָס וויכטיקסטע. דאָס סאַמע וויכטיקסטע איז באַשטאַנען דערין וואָס אין יענער פרעמדער שטאָט, איז עוזר שאַפּניקס היים געווען דאָס איינציקע מקום ווו איך מיט מיין קאָלעגע נאַטאַן ראַקאָטש פלעגן אויף עטלעכע שעה פאַרגעסן דאָס קאַזאַרמע־לעבן מיט דער גאַנצער זעלנע־

רישער דיסציפּלין מיט אַלע זעלנערישע אָנטרייבער.

אַזוי האָט דאָס אָנגעהאַלטן ביז איינמאָל אַ שבת־צונאַכטס, ווען מיר האָבן ביי עוזר שאַפּניק נישט געטראָפן קיין שום געסט. דאָס צימער מיט די טישן, אַרום וועלכע יונגע ווייבלעך מיט יונגע מענער האָבן תמיד געטולמט מיט דאָמינאָ און מיט געלעכטער, האָבן — געפּוסטעוועט. דאָס מיידל רוכטשע, עוזרס יונגע שוועגערין, האָבן מיר געטראָפן איינע אַליין. איר שוועסטער מיט עוזר זענען אָדער געהאַט אַוועק אין קינאָ, אָדער צו עמיצן פון זייערע פאַרהייראַטע פריינט.

— איר זענט גאָר אַליין? — האָב איך געפרעגט — וואָס האָט פּאַסירט?

— גאָרנישט האָט פּאַסירט. אַזוי איז שטענדיק — האָט רוכטשע אַרויסגערעדט — דאָס ערשטע מאָל זעט איר מיך אַליין? כ׳בין שטענדיק אַליין.

איך האָב געמיינט אַז דאָס מיידל שפּאַסט און איך האָב ווידער געפרעגט:

— שטענדיק אַליין? ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? שטענדיק זענט איר מיט אייער שוועסטער מיט אייער שוואָגער. שטענדיק זענען דאָ געסט. ווי אַזוי זענט איר אַליין?

— ס׳איז שוין אַזוי! — האָט רוכטשע אָפּגעענטפערט — מ׳קען אויך זיין אַליין, ווען מ׳וווינט אפילו מיט עטלעכע שוועסטער און מיט עטלעכע שוואָגערס...

— וואָס זי רעדן. מ׳טאָר גאָרנישט אַזוי רעדן! — האָט זיך אָנגערופן נאַטאַן ראַקאָטש — עפּעס מאַכט זי זיך אַ בייז האַרץ. וואָס האָט פּאַסירט?

— אַ בייז האַרץ? פאַרוואָס זאָל איך מיר מאַכן אַ בייז האַרץ? מיין שוועסטער אָדער עוזר, האָבן מיר דען שלעכטס געטון? ביידע מאַכן אָבער אַ גרויסן טעות. זייער גוטסקייט איז אַ טעות! — האָט דאָס מיידל געטענהט — זיי קלערן דען וואָס איך דאַרף שוין אויך לעבן זעלבסטשטענדיק? איר באַגרייפט וואָס דאָס הייסט זעלבסטשטענדיק לעבן?

— כ׳בין שוין צוואַנציק יאָר אַלט — האָט זי צוגעגעבן — צוואַנציק

יאָר. ביז ווען וועל איך דאָ זיצן ביי מיין שוועסטער ?

— און אייער פאָטער ? פאַרוואָס זענען זי נישט מיט אייער פאָטער?

— האָט נאַטאַן ראַקאָטש זיך געחידושט — זי האָבן דאַכט זעך אַ לעבע־דיקן טאַטע ?

— אַך, דערמאָנט אים נישט ! דערמאָנט נישט דעם מענטש ! — האָט רוכטשע אַוועקגעמאַכט — כ׳מוז וואָס שנעלער אַוועק פונדאַנען. כ׳מוז אַוועק פון דער שטאָט. שוין היינטיקע נאַכט וואָלט איך אַוועק־געפאָרן...

און רוכטשע האָט גענומען דערציילן וועגן מיידלעך, נאָענטע חברטעס, וועלכע זענען אויך אַוועקגעפאָרן זוכן אַרבעט אין וואַרשע. נאָר אינמיטן דערציילן האָט זי זיך געכאַפּט אַז פון די קאַשאַרן זענען מיר געגאַנגען אַ פּאָר קילאָמעטער. זי האָט געגלייבט מיר זענען הונגעריק פון וועג, האָט זי אָנגעהויבן קלאַפּאַטשען וועגן עפּעס אַ ספּעציעל מאכל, נאָר מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט פון דעם מאכל. פאַר אונז איז גענוג געווען אַ טעלער קיכלעך מיט אַ הייסן סאַמאָוואַר, וואָרים אין יענער שטאָט, האָט מען נאָך געטרינקען טיי פון סאַמאָוואַרן. ווען מיר זענען געזעסן ביי גלעזער טיי און מיר האָבן פון אַ שאַכטל געשלעפּט ענגרס הימיש פאַברי־צירטע פּאַפּיראָסן, האָט רוכטשע ווידעראַמאָל גענומען רעדן וועגן אַוועק־פאָרן אין דער פרעמד.

נאַטאַן ראַקאָטש האָט געפרעגט:

— זי ווילן פאָרן אין דער פרעמד ? זי ווייסן כאָטש וואָס מיינט לעבן אין דער פרעמד ?

— אויב כ׳ווייס נישט, וועל איך וויסן ! — האָט רוכטשע געלאַכט

— וואָס איז שלעכט אין דער פרעמד ?

— וואָס דאָרט איז שלעכט ?

— וואָס איז אַזוי שלעכט אין דער פרעמד ? טויזנטער מיידלעך אין מיין עלטער אַרבעטן אין דער פרעמד. פאַרוואָס זאָל איך נישט ?

איך האָב נישט איינגעשטימט מיט דעם מיידלס פלענער וועגן אַוועקפאָרן אין דער פרעמד, וואָרעם נאָך חדשים פון מיליטעריש דינען אין דער פרעמד, ווייט פון דער היים, האָב איך שוין געוווּסט וואָס די

„פרעמד" איז אַזעלכעס. נאָכמער האָט דאָס געוווסט מיין חבר נאַטאַן ראַקאָטש. דער יונג איז געהאַט אויפגעוואַקסן אין אַ פּאַרמעגלעך הויז, די מיליטער־דינסט האָט אים געהאַט אַרויסגעריסן פון פיל היימישע באַקוועמלעכקייטן, און די פרעמד, ווהין עס האָט דער יונגער רוכטשע אַזוי געצויגן, האָט ער אַרומגעפאַרבט מיט סאַמע שוואַרצע קאָלירן, מיט טויזנטער חסרונות. נאַטאַן ראַקאָטש האָט אפילו געשווירן אַז ער דער־וואַרט שוין דעם טאָג ווען ער וועט פון דער קאַזאַרמע, און פון דער פרעמד, אַהיימפאָרן אויף אַ פּאָר וואָכן אורלויב.

— גלייבן זי דאָס ? — האָט ער געפרעגט — אָדער זי גלייבן נישט?

— וואָס איז דאָ נישט צום גלייבן ? איר זעלנער האָט נישט ליב די פרעמד, ווייל ס׳קאַזאַרמע לעבן קוועטשט אייך. איר האָט נישט ליב די קאַזאַרמע.

— יאָ, יאָ ! דאָס איז עס ! איר האָט נישט ליב די קאַזאַרמע ! — האָט זי אונז פאַרזיכערט — ס׳מיינט כ׳בין איינגאַנצן אַזוי נאַיוו, ווי כ׳זע אויס ? אייך קוועטשט די פרעמד — האָט רוכטשע שוין אויך אָנגעוויזן אויף מיר — ווייל איר האָט אוודאי איבערגעלאָזט גוטע היימען מיט גוטע טאַטע מאַמע. מיט מיר איז איינגאַנצן אַנדערש. איך וועל לעבן אין דער פרעמד, וועל איך נאָך קיינעמען נישט בענקען.

— נישט בענקען נאָך קיינעם ? אַזוי קלערן זי ?

— כ׳וועל אַלעמען פאַרגעסן !

— אַלעמען ? אפילו אייער שוועסטער ?

— מיין שוועסטער איז מיין שוועסטער.

— און אייער פאָטער ?

אַך ! אַך ! — האָט זי מיט ציטער אָוועקגעמאַכט — צי וואָס דער־מאָנט איר אים ? כ׳האָב שוין איינמאָל געבעטן נישט צו דערמאָנען דעם מענטש.

— נישט דערמאָנען ? אַן אייגענעם טאַטע ? — האָט נאַטאַן ראַקאָטש זיך געחידושט — דער טאַטע אינטערעסירט אַך גאָרנישט ?

— דעם מענטש האָב איך שוין נישט געזען יאָרן — האָט רוכטשע אַרויסגערעדט — צוליב דעם מענטש וויל איך אַוועק פון דער שטאָט...

עטלעכע מאָל האָט זי איבערגעחזרט: „צוליב דעם מענטש וויל איך
אַוועק פון דער שטאָט" און עטלעכע מאָל האָט נאָטאַן ראַקאָטש אַריינגע־
טענהט אין דעם מיידל, אַז וועגן אַן אייגענעם פאָטער, זאָל זי אַזוי נישט
רעדן. איך האָב אונטערגעהאַלטן מיין חברס טענה ביז מיר האָבן ביידע
זיך פאַרשטענדיקט מיט בליקן אַז מיר זאָלן שווייגן און זי לאָזן צורו.
דאָס האָט אַזוי אָנגעהאַלטן אויך דאָן, ווען מיר האָבן פון געוווינהייט
זיך אַוועקגעזעצט מיט איר שפּילן דאָמינאָ. מיר האָבן געהאַט געמאַכט
אַ פּאָר פּאַרטיעס. אָבער די דאָמינאָ האָט מיך כמעט נישט אינטערעסירט.
איך האָב געוואָלט דערגיין פאַרוואָס די רוכטשע האָט שוין „יאָרן נישט
געזען איר פאָטער" און וואָס טוט ער אַזעלכעס, אַז „צוליב דעם מענטש"
וויל זי אַוועקפאָרן אין דער פרעמד? איך האָב פּרובירט פרעגן, אָבער
רוכטשע האָט גאָרנישט געוואָלט ענטפערן און איך האָב שוין אָנגעהויבן
פאַרדעכטיקן, אַז ס׳איז אַ טונקעלע משפּחה־געשיכטע. ווער ווייסט —
האָב איך אַריינגעקלערט — אפשר איז דער פאָטער פון יענעם סאָרט
פאַרשוינען מיט וועמען אייגענע קינדער שעמען זיך? אפשר געפינט ער
זיך גאָר אין תפיסה?

דער סאָרט פאַרדאַכט איז אין מיר נאָכמער געשטיגן ווען כ׳האָב
זיך דערמאָנט אַז דעם פאָטער האָט מען קיינמאָל נישט געטראָפן ביי
עוזרן אין שטוב. פון עוזרס פרוי, רוכטשעס שוועסטער, האָט מען אויך
קיינמאָל נישט געהערט אַ וואָרט וועגן פאָטער, און ווען נישט אַ צופעליקן
זאָג פון עוזרן, וואָלט איך צומאָל נישט געוווסט פון דעם פאָטערס
עקזיסטענץ.

דער מענטש זיצט זיכער אין תפיסה, האָב איך שוין געהאַט אָפּ־
געמאַכט במחשבה. נאָר אויף מיין פראַגע צי זי ווייסט כאָטש דעם
פאָטערס אַדרעס, האָט רוכטשע געענטפערט:

— ער האַלט זיך פאַרן הייליקסטן ייד אין שטאָט... לערנט טאָג און
נאָכט... דערצו אַ שרעקלעכער מענטש...

— אַ שרעקלעכער מענטש?

— יאָ יאָ...

— לערנט טאָג און נאָכט און דערצו אַ שרעקלעכער מענטש?

ווי אַזוי? ווי אַזוי איז דאָס?

רוכטשע האָט געטענהט:

— ס׳איז שוין אַזוי! אַזוי איז ער. קיינער קאָן נישט דעם מענטש איבעראַנדערשן... אפילו וואָס ער לערנט ס׳גאַנצע לעבן, האָט אים אויך נישט בעסער געמאַכט...

דערנאָך האָט רוכטשע ערשט אויסגערעכנט אַ גאַנצע סעריע זינד פון איר פאָטער: דער מענטש האָט קיינמאָל נישט געזאָרגט פאַר איר; ער האָט אויך נישט געדאגהט פאַר איר עלטערע שוועסטער; אָבער רוכטשעס הויפּט־פאַרדראָס איז באַשטאַנען דערין, וואָס באַלד נאָך איר מאַמעס טויט, ווען זי רוכטשע, איז נאָך געווען אַ קינד, אינגאַנצן פינף יאָר אַלט, האָט דער טאַטע זי אַריינגעגעבן אין אַ הויז צווישן פרעמדע קינדער און זי האָט געגלויבט, שטרענג געגלויבט, אַז דער פאָטער האָט דאָס אַלץ געטאָן נאָר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געהאַט פאַנאַטיש אַריינגעטאָן צו פאַרזיכערן זיין אייגענע נשמה מיט „עולם הבא“.

— אַלץ זיין ווילדער פאַנאַטיזם — האָט זי געטענהט — זיין ווילדער פאַנאַטיזם האָט אַלץ רואינירט.

— איז ער קיינמאָל נישט גוט געווען? — האָט נאַטאַן ראַקאָטש געפרעגט.

— כ׳ווייס נישט. כ׳געדענק נישט קיין שום גוטס. ער איז אַ שרעק־לעכער מענטש.

— דעריבער, ווייל איך אַוועק פונדאַנען — האָט זי דערקלערט — כ׳וויל נישט זיין מיט דעם מענטש אין איין שטאָט.

— אַזוי פיינט האָבן אַן אייגענעם פאָטער איז שלעכט — האָט נאַטאַן ראַקאָטש געזאָגט — גאָט קען אייך דערפאַר שטראָפן.

— מיך שטראָפן? גאָט קען מיך נאָך שטראָפן? — האָט רוכטשע אַ פרעג געטאָן — כ׳בין נאָך ווינציק געשטראָפט, וואָס כ׳בין געבוירן געוואָרן פון אַזאַ שרעקלעכן מענטש?

נאָך דעם אָוונט זענען געהאַט אַוועק וואָכן מיט חדשים און דורך דער צייט האָט נאַטאַן ראַקאָטש זיך דערדינט אַלס דער בעסטער שיסער אין אונזער פולק און פאַר די אויגן פון אַלע זעלנער אין דער קאַזאַרמע

האָט אַ מאַיאָר דעקאָרירט נאַטאַן ראַקאָטשן מיט אַ מיליטעריש בענדל. מיט אָט דעם בענדל, איז נאַטאַן ראַקאָטש נישט בלויז געוואָרן אַ רעספּעקטירטער סאָלדאַט, נאָר ער האָט אויך געהאַט פּאַרשידענע פּריווילעגיעס און אויף צוויי נעכט אין דער וואָך, אויף פרייטיק־נאַכט און אויף שבת־נאַכט, פלעגט ער באַקומען אַ דערלויבעניש צו נעכטיקן אין דער שטאָט. אָבער נאַטאַן ראַקאָטש האָט נישט אינזינען געהאַט זיך אַליין. מיך האָט ער אויך אינזינען געהאַט און ער האָט אַלץ געטאָן, אַז פון דער קאַנצעלאַריע זאָל מען אויך מיר אַרויסגעבן אַ „פּשעפּוסטקע" צו שלאָפן פרייטיק און שבת אויסער דער קאַזאַרמע.

דאָס שטיבל אין וועלכן מיר זענען געשלאָפן דורך עוזר שאַפּניקס רעקאָמענדאַציע, האָט זיך געפונען אין אַזאַ געסעלע, אַז צוויי באַן־וואַגאָנען, האָבן געקענט פאַרנעמען דעם געסעלעס גאַנצע לענג מיט דער גאַנצער ברייט. די עטלעכע הייזלעך פון ביידע זייטן געסעלע האָבן אויסגעזען ווי דאָרפישע כאַטעס מיט פענצטער נידעריק צו דער ערד. מיט אַזאַ סאָרט פענצטער איז אויך געווען דאָס שטיבל וואָס מיר האָבן געהאַט אויף פרייטיק און אויף שבת. און כמעט יעדן פרייטיק אויפֿדערנאַכט, נאָכן מיטהאַלטן טיש ביי עוזר שאַפּניק, איז רוכטשע מיט אונז געגאַנגען שפּאַצירן. זי פלעגט נאָך טיילמאָל מיטגיין צו אונז אין שטיבל אויף אַ שעה. דערנאָך פלעגן מיר זי צוריק אַהיים באַגלייטן.

אָבער איינמאָל אין אַ פרייטיק צונאַכטס איז רוכטשע פאַרבליבן אין אונזער שטיבל ביז אין באַגין אַריין. און געשען איז עס דערפאַר, ווייל מיין חבר נאַטאַן ראַקאָטש, איז אין יענער נאַכט געוואָרן צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט. און לכבוד זיינע צוויי און צוואַנציק יאָר, האָבן מיר דעמאָלט אויסגעליידיקט אַ פּאָר פלאַשן וויין. מיר האָבן זיך לוסטיק געמאַכט מיט דערציילן געשיכטעס פון דער קאַזאַרמע און מיט פאַרשידענע שפּילעריי. אַ פּאָר מאָל האָט רוכטשע אַרומגעבינדן אונזערע אויגן מיט טיכלעך און מיר האָבן זיך נאָך איר געיאָגט מיט אויסגעשטרעקטע הענט. צולעצט האָבן מיר אַלע פאַנטאַזירט מיט רעדן וועגן אונזער צוקונפט. און דאָס רעדן מיט פאַנטאַזירן האָט אַזוי געדויערט ביז רוכטשע האָט אויסגערופן:

— זעט, עס טאָגט שוין! עס טאָגט שוין! — און זי האָט וואָס שנעלער געוואָלט אַרויס פון אונזער שטיבל.

— מיין שוועסטער וועט איבערקלערן — האָט זי געטענהט — פירט מיך אַהיים. פירט מיך אַהיים.

און ווען מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעטאָן אונזערע שינעלן, און מיר זענען שוין געווען גרייט אַהיימצובאַגלייטן דאָס מיידל, האָט פון דער דרויסנדיקער שטילקייט אין געסעלע, זיך פלוצים דערהערט עמיצנס קול. באַלד דערנאָך האָט מען פון געסעלע אויך דערהערט עמיצנס טריט איבער די שטיינער. די טריט זענען געקומען אַלץ נענטער און האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אונזער פענצטער. מען האָט שוין אויך דייטלעך געהערט דאָס קול, וואָס האָט אין דער באַגינען־שטילקייט פון געסעלע אָפּגעהילכט רופנדיק, וועקנדיק:

— יידעלעך! יידעלעך! — האָט דאָס קול געררופן — יידעלעך! שטייט אויף, לעבודת הבורא! לעבודת הבורא!

און ווען דער רופער, איז שוין געהאַט פאַרבייגעגאַנגען אונזער פענצטער, ווען מען האָט שיין נישט מער געהערט זיינע טריט מיט זיין קול, האָט רוכטשע מיט ציטער אַרויסגערעדט:

— דער שרעקלעכער מענטש...